פון קלאסיקער און מאדערנע נומער 2

א. סטרינדבערג

# צעריסען

א פאמיליען ראמאן



ליטעראַרישער פערלאג, נויארק.
1919

# אינהאלט:

זייט

צעריסען — — — — — — — — — — — — — — 7

אין אפענעם קריעג — — — — — — — — — — — 127

# I.

פול מיט ביטערקייט האט ער קריסטיאניא פארלאזען. דארט האט מען גענגען איהם א גרויסע עולה בעגאנגען. די בעסטע, מאדערנע דראמא האט ער אנגעשריבען, ווען ער איז פערציג יאהר אלט געווען. ער האט אין איהר א נייע פארמע ווי אויך א אינהאלט אויסגעפונען, וועלכע פאסען זיך צו צו די פאדערונגען פון דעם יונגען, וואקסענדען עולם. אבער די אלטע האבען נאך געלעבט און דער עולם, די אקטיארען און די קריטיקער האבען דערפיהלט, אז זייערע מיינונגען און זייערע אידעאלען זיינען אפגעמעקט דורך די נייע פארמען און אז זיי אליין בלייבען ווי א איבריגע שטיקעל אלטווארג; און זיי האבען זיך געגען דעם געוועהרט. זיי האבען זיין דראמא פאר די גרעסטע נארעשקייט בעטראכט. זיי האבען די דראמא אויסגעפייפט און איהם, דעם פערפאסער אליין, אנגעוויזען אז ער מעג זיך אומקעהרען צוריק נאך אמעריקא, וואו ער איז שוין אמאל געווען און וואו ער האט איבערגעלאזען זיין גע־גט'ע פרוי.

אנשטאט צו פאהרען אין אמעריקא, איז ער אין קאפענהאגען אוועקגעפאהרען, האט זיך דארט אויסגעפונען א קאפע, וואו ער פלעגט פארברייגגען מיט אויסגעוואנדערטע שוועדען און פינען.

נאכדעם ווי ער האט אייניגע חדשים געווארט, האט ער זיך דאך דערוואוסט, אז מען האט מיט ערפאלג זיין דראמא אויפגעפירט אין א טעאטער אין קאפענהאגען. מיט דעם ערפאלג זיינען אויך זיין נאמען און עהרע געראטעוועט געווארען.

געמ־נט האט ער, אז ער האט שוין מיט דעם לעבען אפגעשניטען. ערשט אבער האט ער גענומען פון דאס נייע זיך ארומקוקען און זיך אויפמונטערן. און אז ער איז שוין יא צוריק

אריין אין לעבען, איז ער אריין מיט א טעמפע פערצווייפלונג, גערייט צו אלץ.

* * *

א דאנק דעם ערפאלג פון דער דראמא האט מען דעם פער־פאסער גענומען איינלאדען אין געזעלשאפט. איין מאל, אין אבענט איז ער געגאנגען צו א בעוואוסטען ליטעראטאר, וואו עס פלעגען זיך צוזאמענקומען די יונגע גלענצענדע שרייבער און קינסטלער. דער אבענטעסען איז געווען א לאנגער און גלענצענ־דער. אייניגע פלעצער זיינען ניט געווען פערנומען, מען האט געווארט אויף נאך געסט, וועלכע האבען בעדארפט קומען נאכ'ן טעאטער.

האלב נאך עלף א זייגער איז געווארען לעבעדיג. די ער־ווארטעטע געסט זיינען געקומען. דאס זיינען געווען דריי דא־מען און דריי הערען, וועלכע זיינען ניט געווען בעקאנט דעם נארוועגער גאסט.

אבער איינע פון די דריי דאמען האט איהם באגריסט און געגעבען די האנט ווי אן אלטען בעקאנטען. צו דערזעלבער צייט האט ער שטילערהייט א פרעג געטאן די ווירטין: ווער איז די דאמע?

„ווער זי איז? דאס איז דאך פריילין עקס. איהר האט זיך דאך מיט איהר געטראפען און אונטערהאלטען יענעם אבענט ביי דר. ע."

„אט אזוי! ווי אזוי־זשע האב איך מיט מיין גוטען זכרון, ניט געקאנט פעסטהאלטען דעם אויסזעהן פון דער מיידעל? און אין איינעם פון די לעצטע אבענטען בין איך אין טעאטער פאר־בייגעגאנגען פארביי איהר און ניט באגריסט איהר אפילו".

„איהר האט נאטירליך ניט באמערקט אז זי איז שעהן".

„איז זי דען שעהן?"

און ער האט זיך איינגעבויגען כדי זיך איינצוקוקען אויף די יונגע דאמע, וועלכע איז געזעסען ביים עק טיש.

— יע זי זעהט נשקשה'דיג אוים.

„אה, שעמט זיך! זי איז א בעוואוסטע שעהנהייט, די שעהנסטע צווישען קאפענהאגענער טיפען!"

— „פריהער האב איך נאר גע־חלום'ט פון בלאנדע, אבער אין די לעצטע יאהרען האט זיך דער געשמאק ביי מיר געביטען און איך האב נאר אין זינען ברונעטע".

נאכדעם האבען זיי גערעדט פון אנדערע זאכען.

נאכ'ן אבענטעסטען זיינען אלע אוועק אין זאל און גלייך זיינען ביידע: די שיינע קאפענהאגערין, און דער נארוועגער געזעסען אזוי נאהענט איינער צום אנדערען, אז ער האט איהר אויסגעהאלפען ביים קאפע טרינקען. און ווען זי האט געפרעגט: ווער וועט איהר בעגלייטען אהיים ? האט ער געענפערט: „נאטירליך, איך!" און זי האט דעם פארשלאג אנגענומען.

ווען די געזעלשאפט האט סוף כל סוף זיך גענומען פארנאנדערגעהן, זיינען זיי ביידע געווען אזוי פארטיעפט אין א געשפרעך, אז ארום זיי האט זיך צוזאמענגעקליבען א קליינער רעדעל פון דאמען מיט הערען וואס האבען זעהר צופרידענהייט זיך דורכגעקוקט איינע מיט די אנדערע. זיי אבער האבען גארנישט בעמערקט, נישט געזעהן, נאר האבען גערעדט און גערעדט.

ווען זיי זיינען שוין די טרעפ ארונטער, האבען זיי געהערט „א גוטע נאכט" פון אויבען און א קלינגענדען געלעכטער. דאס איז געווען די יונגע, שעהנע בעל־הבית'טע, וועלכע האט זיך איינגעבויגען איבער די פארענצעס און זיי מיט א געלעכטער באגלייט.

זיי זיינען געגאנגען מיט'ן ברעג. דער געשפרעך זייערער

האט ניט אויפגעהערט אויף א מינוט. ווען זיי זיינען אריין אין דער איקס סטריט, איז ער שוין געווען איינגעלאדען אויף מאר־גען צום אבענטעסען, צוזאמען מיט א יונגע, שעהנע קינסטלערין. זי האט איהם אבער פאראויס געלאזט וויסען, אז ביי איהר אין צימער איז זעהר איינפאך, ווארום זי וואהנט אין א פריוואט־פענסיאן ביי זעהר א שטרענגער אלטער פרוי.

זיי זיינען זיך פארנאנדערגעגאנגען אזוי ווי זיי וואלטען שוין געווען אלטע בעקאנטע אדער קאלעגען.

ווען ער איז אליין צוריק אהיים געקומען און זיך דערמאנט וועגען אלץ וואס האט פאסירט אין דעם אבענט האט ער דאס וואונדערבארע בעמערקט, אז איהר אויסזעהן קאן ער זיך ניט דערמאנען. ער, דער אלטער ערפארענער מאן, וואס פלעגט מיט איין מאל קאנען באנעמען מענשען, סצענען, לאנדשאפטען פאטאגראפיעס, ער האט ניט געקאנט פארשטעהן פארוואס איז עס אזוי.

ווייטער האט ער זיך דערמאנט, אז דעם אבענט איז זי גאר אן אנדערע געווען ווי צום ערשטען מאל, ווען זיי האבען זיך געטראפען. עס איז גאר ניט געווען מעהר צו מערקען איהר אומאפהענגיגקייט. זי איז דעם מאל אזוי וויך און מילד גע־ווען. א טרויריגע מידקייט איז אויף איהר געווען אויסגעגאסען און איז צו איהר זעהר געגאנגען. ווען מען האט פון אן אומ־גליקליכען מענשען גערעדט, האבען זיך טרערען געהערט אין איהר שטים. אז די שטים האט ער זיך דעראמנט: זי איז גע־ווען אזוי טיף און טרויריג. זיהאט עפעס אזוינס אין זיך גע־האט וואס האט איינעם אוועקגעטראגען ווייט פון שטאדט ערגעץ וואו ביים ים, אדער אין וואלד צווישען גראז און בלומען. ער האט זיך אייגענטליך ערשט איצט ארומגעזעהען, אז מען האט איהר דעם גאנצען אבענט בעהאנדעלט ווי א קינד. מען

האט זיך גערייצט מיט איהר וועגען איהר שרייבעריי, מען האט געבעטען ביי איהר פראטעקציע. אויף דאס אלץ האט זי נור מיט א שמייכעל געענטפערט. זי האט אויך געהאט דעם אומגליק וואס פון צייט צו צייט פלעגען זיך ארויסגליטשען נאַאיווע בעמערקונגען, .ועלכע זיינען געווען געמיינט לכתחילה גאנץ ערנסט, אבער סוף כל סוף זיינען זיי דאך געווען נארישקייטען.

דער איינציגער. וועלכער האט איהר ערנסט גענומען, איז געווען ער, דער פרעמדער. און ער האט געזעהן, אז דאס איז נים קיין קינד, נאר א פרוי מיט וועלכער ער קאן ריידען איבער אלץ וואס איהם אינטערעסירט: איבער מענשען און ביכער, נים דארפענדיג א מינוט ערקלערען דאס, וואס ער האט געוואלט זאגען.

* * *

אויף מארגען ווען ער איז אויפגעשטאנען און אויסגערוהטער, האט ער זיך גענומען דערמאנען די פערזאנען און פאסירונגען פון נעכטען אבענט. אמאל, אז ער פלעגט מאכען א נייע בעקאנטשאפט, אום צו פערשטעהען דעם כאראקטער פון דער נייער פערזאן, פלעגט ער זי פערגלייכען מיט איינעם פון זיינע אלטע גוטע פריינד, און גאנץ אפט פלעגט שוין נים ווי לענדיג צוזאמען מיט דער נייער פערזאן, ארויפשווימען אויף די ערינערונג אן א אלטען פריינד. ווען ער האט איצט געטראכט פון דער נעכטיגער יונגער מיידעל, האט ער זיך געמוזט דערמאנען אן זיינע אן עלטערע פערהייראטע קוזינע. דער פערגלייך האט אוועקגענומען ביי איהם דאס ליידענשאפטליכע, אויב עס איז יא אזוינס געווען; און עס איז געבליבען ביי איהם די ערינערונג אן א גוטען פרויען-פריינד.

רוהיג האט ער געפילט אין אבענטצייט. עס האט איהם גאר ניט אויפגערעגט, ווי עס טרעפט געוועהנליך, ווען ער געהט צו א דאמע און דארף געפעלען.

איהם האט מען אויך פראסט בעגעגענט ווי אן אלטען בעקאנטען. מען האט איהם אריינגענומען אין א רייך־מעבלירטען מיידעלשען צימער מיט א שעהנעם, אויסגעפוצטען שרייבטיש, מיט לעבעדיגע בלומען, בילדער, קאוויארען און זעהר בעקוועמע שטולען.

די קינסטלערין איז ניט געקומען: האט ער מיט איהר געמוזט אליין בלייבען. דאס האט איהם אויסגעזעהען אביסעל ניט פאסיג. אבער די איינפאכע, ניט געקינצעלטע האלטונג פון דער מיידעל האט צעשטערט אלע זיינע שלעכטע רעיונות.

אזוי זיינען זיי געזעסען איינער אנטקעגען דעם אנדערען און גערעדט.

איהר שווארצע זיידענע קלייד איז געוועזן באפוצט מיט בלויע שפיצען אין עמפייר־סטיל. די שפיצען זיינען געפאלען פון די אקסלען גלייך ארונטער. די קלייד האט איהר צוגעגעבען דעם אויסזעהן פון א פרוי. אויך איהר פרייע האלטונג פון א וועלט־ליבע דאמע האט איהם פאר א מאמענט געמאכט דיינקען, אז זי מוז זיין א גע־גט'ע. איהר פנים האט ער ערשט איצט גע־קאנט גוט באטראכטען. דער שטערן איז געוועזן פלאך, א סימן אויף א שטארקען, כאטש ניט קיין איינגעשפארטען, כאראקטער. די אויגען זיינען געווען גרויסע, שווארצע ווי ביי קינדער פון דרום־לענדער. דער נאז האט געמוזט אין מיטען וואקסען עפעס חרטה קריגען: האט געמאכט אויפ'ן ביין א צוויי, דריי שפרונ־גען, און איז געווארען עהנליך צו א רוימישען. אט די קליינע ענדערונג האט צוגעגעבען איהר פראפיל פיעל חן.

דער געשפרעך איז דעם אבענט געגאנגען נאך בעסער. וואָ־רום זיי ביידע האבען געהאט אסך זאכען אין וואס זיך פאראנאנ־דער־צוקלייבען און ארומשמועסען וועגען אלגעמיינע בעקאנטע. אזוי זיינען זיי געזעסען און צוגלידערט פריינד: און אזוי ווי ביין זיינען זיי נים געווען און אויך נים געוואלט זיין, האבען זיי אלעמען צוגלידערט אין א שיינער פארמע, נים שטעכענדיג.

בעת זיי זיינען זיך אזוי געזעסען און זיך געשפילט מיט ווערטער, האט ער דערוויילע באמערקט א גרויסען קארב מיט רֹזען. איהרע אויגען האבען זיינע געדאנקען געלעזען. און ווען אין דעם זעלבען אויגענבליק האט די דינסטמיידעל אריינ־געטראגען א פלאש וויין און פאפיראסען, האט זי זיך אויפגע־הויבען און איז געגאנגען צו די בלומען.

זי איז פערלאבט — האט ער געטראכט, און האט זיך גע־פיהלט עפעס איבעריג.

„אט די ראזען האב איך געקראגען פון א פריינד, ווען ער איז אוועקגעפאהרען."

און אום צו בעווייזען אז זי איז נים פארלאבט, האט זי מיט א רוהיגער האנט אפגעבראכען א צווייג. אבער דער צווייג איז געווען צונעטשעפעט מיט א דראט צו די אנדערע. און זי האט באדארפט נעמען די שער און אפשניידען דעם דראט. די שער איז געלעגען אין א קעסטעל אונטען אויף דער לעצטער פאליצע פון דער עטאזשערקע. האט זי זיך געשטעלט אויף די קניע, גע־נומען די שער, און אין דעם צושטאנד האט זי איהם אריינגע־שטעלט אין קנאפלאך פון זיין ראק די בלומען. דאן האט זי נאך בעדארפט אויסציהען די האנט צו נעמען א גלאז וויין און טרינקען.

— ראזען און וויין האב איך גענומען אלס א מאטיוו אין מיינער א פאעמא — האט ער באמערקט.

„א זאגט פאר מיר די פּאעמא".

ער האט זי פארגעסן.

זי איז אויפגעשטאנען און האט זיך ווידער געזעצט אויף איהר שטוהל. ער האט איהר געמאכט דערצעלען פון איהר לעבען. זי האט פריה איהרע עלטערן פערלאזען, זיי האבען ניט געלעבט צוזאמען, אבער אויך ניט געווען גע־גט, ווייל זיי זיינען געווען קאטאליקען. זי האט זיך ערצויגען אין קלויסטער־פאנסיאנען, אין פאריז, לאנדאן און איטאליען, איבערהויפט אין פאריז און די ענגלישע לײדים האבען איהר זעהר געקוועלט מיט רעליגיאן. ביז צום סוף האט זי אלץ פון זיך אראפגעוואר־פען. צייטענווייז פיהלט זי א פוסטקייט. אבער זי ווארט ווי אלע אנדערע, אז עפּעס נייעס וועט קומען אויף דער וועלט. און דערווייל טוט זי ווי אלע אנדערע חבר'טעס: העלפט דער מענ־שהייט ארויסקריכען פון דער ארימקייט און באפרייען זיך פון דרוק. ניטשע האט איהר ערשט דאן פאראינטערעסירט, ווען זי האט זיך אביסעל ענטוישט אין די „אלגעמיינע גלייכהייט".

בעת זי האט אזוי גערעדט האט ער בעמערקט ווי דורך די גארדינען פאלט ליכט. די גארדינען האבען צוגעדעקט א טיר, וועלכע האט, ווארשיינליך, געפיהרט אין די וואהנונג.

ווי א בליץ איז איהם דורכגעלאפען א געדאנקען: אפשר האט ער דא גאר געדינגט פאר שפּאס? אפשר איז ער דא אום צו איבערראשען אימיצען ? אדער איז עס פשוט פערבונדען מיט טאט, ווייל אנדערש פּאסט ניט? יעדענפאלס איז דאס געווען א גוטער מיטעל זיך צוריקצוהאלטען: און ווען דער אבענטעסען האט זיך געענדיגט, האט ער זיך געמאכט פאראווירפע, פאר וואס ער האט ניט געהאט קיין צוטרוי צו זיין ווירטין.

האלב נײַן האט ער געוואלט געהן. זיהאט אבער מיט איין באמערקונג איהם צוריקגעהאלטען. עס איז געווען גענוג פאר

איהר ארויסצוזאגען דעם חשד, אז ער וויל אין קאפע, דאס ער זאל בלייבען זיצען.

האלב 10 האט ער געוואלט געהן, האט זי איהם ניט גע־לאזען.

— איך, עלטערער און פערשטענדיגערער, דארף זעהן אייך צו פארשפארען אונאנגענעמליכקייטען.

זי האט ניט פארשטאנען וואס ער מיינט. זי האט ער־קלערט, אז זי איז אומאפהענגיג און אז די ווירטין פון פענ־סיאן איז שוין געוואנט צו איהרע אבענטען.

ענדליך האט דער אינסטינקט איהם פארט געזאגט, אז עס פאסט מעהר ניט. ער האט גענומען אבשיד.

ווען ער איז אהיים געגאנגען האט ער זיך געטראכט:

„ניין, אלע מענשען זיינען גאר ניט אזוי איינפאך, און מען קאן זיי אלעמען ניט ארונטערברייננגען אונטער איין כלל, ווארום דעם היינטיגען אבענט און די פרוי הייב איך ניט אן צו פאר־שטעהן.

נאכהער האבען זיי זיך געטראפען אין מוזעאום. די אויבער־קליידער האבען איהר געמאכט אסך עלטער. זי האט אויסגע־זעהן ווי א יונגע פרוי, אם ווייניגסטען פון איאהר דרייסיג אלט. זי האט א מידען אויסדרוק געהאט. ארום מויל איז ביי איהר געוועזן פיל קליינע קנייטשלעך, וועלכע ווערען אממייסטען ביי די, וועלכע לאכען פיל. זי איז אבער געוועזן טרויעריג. עס איז ביי איהר ארוים עפעס א סכסוך מיט איהר פאטער, און זי האט גערעדט פון איהרער א באלדיגער רייזע. זי האט זיך נאכגעפרעגט ביי איהר פריינד אין וואס פאר'ע בעציהונגען ער שטעהט צום טעאטער און צו פערלעגער; און האט געבעטען זיין עצה, אז ער זאל אויך איהר באהילפיג זיין. זי איז געוועזן צערטליך ווי א מוטער. און א געוויסע אפגעלאזענקייט אין אנטאן זיך האט

אויך געוויזען, אז זי זוכט ניט צו געפעלען אלס א פרוי.

ווען זי האט איהם פארגעשלאגען אז ער זאל מיט איהר צוזא־מען געהן אין טעאטער, האט ער זיך געקווענקעלט. זיין גע־פיהל האט איהם געזאגט, אז ער דארף איהר ניט קאמפראמע־טירען. אויך דארף ער ניט אזוי אפען ארויסווייזען, אז זיינע מאטעריעלע אומשטענדען ערלויבען איהם ניט צו פירען א ליי־בעסגעשיכטע.

אנשטאט צו געהן אין טעאטער, האט ער איהר פארגע־שלאגען דאס זיי זאלען בעסער וואו עס איז געהן פארברייכען. זי האט איהם אבער געבעטען, ער זאל איהר קומען אפנעהמען אין איהר נייער וואהנונג, ווארום זי האט געביטען איהר וואה־נונג.

מען האט איהר געמוזט הייסען געהן צוליעב מיר פון פענ־סיאן — האט ער געטראכט, אבער ניט געוואלט עס זאגען.

אלס שרייבער איז ביי איהם די נייגעריגקייט געווארען גע־רייצט. ער האט געוואלט טרעפען איהר רעטעניש. ווארום ביז איצט האט ער נאך קיינע א צווייטע ניט געזעהען, וואס זאל זיך קענען אזוי ביטען ווי זי.

ווען ער איז יענעם אבענט אין איהר וואהנונג אנגעקומען, האט מען איהם ארייגעפירט אין א זאל און געבעטען ווארטען. און ווען די יונגע דאמע האט זיך אנגעטאן, האט מען איהם ארויסגעלאזען אין פארהויז, וואו זיי האבען זיך געטראפען. דא איז שוין געווען נאר אן אנדער זארט פירונג.

זיי זיינען געגאנגען צום מזרח טייל פון שטאדט מיט א איינזאמער, שטילער גאס, וואס האט געפירט צום זאאלאגישען גארטען, און זיינען אריין אין א קאפע, וועלכע זי האט, ווי עס האט אויסגעוויזען, גאנץ גוט געקענט.

אין איהר פוטער מיט א טוך איבער'ן קאפ האט זי ווי אן אלטע פרוי אויסגעזעהן. דערצו איז זי נאך אביסעל איינגעבויגען געגאנגען, און ער האט געטראכט, אז עפעס א מכשפה זיצט אין איהר. אבער ווען זיי זיינען אין ליכטיגען צימער אריין, און זי האט ארונטערגענומען איהר מאנטעל מיט דעם טוך, איז פאר איהם געשטאנען א בליהענדע יונגע שיינהייט. די העל־גרינע, טובענע גלאטע קלייד האט ארויסגעוויזען א פיגור פון א אכטצעניאריגע מיידעל. די האר, וועלכע זי האט גלאט פארקאמט, האט איהר צוגענעבען דעם אויסזעהן פון א דערוואקסענער שולמיידעל. ער האט ניט געקאנט זיינע געפילען באהאלטען: און האט פון איהר די אויגען ניט געקאנט אראפנעמען. אזוי ווי ער וואלט וועלען וואו עס איז א שונא געפינען (א גאט פון ליבע! ערשט בין איך פארלארען! האט ער זיך געטראכט: און טאקע פון דעם אויגענבליק אן איז ער א פארלארענער געווארען).

זי האט גאנץ גוט געזעהען וואס פאר אן איינדרוק זי האט אויף איהם געמאכט. און זי איז געזעסען א ליכטיגע, שטראלענדע מיט א שטאלצער, צופרידענעם שמייכעל, ווארום זי האט געזעהן, אז ער איז באזיגט.

אויף איהם איז אנגעפאלען א שרעק. זי האט זיין נשמה אין איהר קעשענע, זי קאן מיט זיין נשמה טאן וואס זי וויל, זי קאן זיווארפען אין שטראם אדער אין רינטשאק. ער האט איהר דערפאר אין דערזעלבער צייט אויך פיינט געקראגען. ווי זיך ארויסצוראטעווען פון דער לאגע האט ער געפונען נאר איין וועג: זעהן אויפצוועקען אדער אנצינדען אין איהר דעם פייערל וואס פלאקערט אין איהם אזוי, אום זי זאל צו איהם ווערען פונקט אזוי צוגעבונדען ווי ער צו איהר. דאריבער האט ער דאס געטאן, וואס יעדער איינער וואלט, מעגליך, אויף זיין פלאץ, געטאן. ער האט זיך אין איהר הארצען אריינגע־גנב'עט. ער

האט זיך אזוי קליין געמאכט ווי א קינד וואס בעט רחמנות: רחמנות צו א מענשען מיט א צעבראכענע נשמה, א פארשטופטען, א פערטריבענעם, וועלכער קאן גאר מעהר אויף גליק ניט האפען.

זי האט איהם אויסגעהערט און עס אנגענומען גאנץ רוהיג, שטאלץ אזוי ווי עס וואלט איהר געקומט. עס איז אבער ניט געווען די זעלבסטצופרידענהייט פון א קאקעטקע.

ווען זיי האבען ענדליך, נאך א קאלטען אבענטעסען, בעשלאסען צו געהן אהיים, איז ער אויפגעשטאנען נאכצוקוקען, ווען עס געהט דער נעכסטער צוג. און קומענדיג צוריק צום טיש, האט ער געוואלט בעצאלען דעם קעלנער פאר'ן עסען. דער קעלנער אבער האט איהם געענטפערט, אז עס איז שוין בעצאלט; די פריילין האט בעצאלט.

ער איז אויפגעשפרונגען. ער האט יעדענפאלס געהאט א טעות, ווען ער האט גערעכענט דאס זי מיינט, אז ער האט קיין געלט ניט. און האט דורכאויס געוואלט באטש זיין חלק בעצאלען.

איך ווייס ניט וואס פאר'ע זיטען עס הערשען ביי אייך אין לאנד, אבער דא ביי אונז אין לאנד איז א מנהג, אז יענער מאן איז קיין מענש ניט, ווער עס לאזט א פרוי פאר זיך בעצאלען.

— אבער איהר זענט דאך געווען מיין גאסט!

ניין, מיר זיינען ביידע אויסגעגאנגען. און אהער קאנען מיר שוין מעהר ניט קומען. ווייסט איהר ניט אין וואס פאר א לאגע איהר האט מיך געשטעלט? ווייסט איהר ניט, וואס פאר א שלעכטען נאמען דער קעלנער וועט מיר מאכען?

און אז ער האט צוגערופען דעם קעלנער און האט געוואלט אויסגלייכען די זאך, איז א נייער סכסוך צווישען זיי ארויס. ער

איז דאָן ביין אויפגעשטאַנען און אווענגעלעגט די געלט אויפ׳ן טיש
נאָכגעגעבען.

זי איז געוואָרען אומעטיג, אָבער האָט דאָך ניט געוואָלט אַ שלעכטע שטימונג איז צווישען זיי אַרויס. ער האָט ניט געוואוסט ווי זיך צו ערקלערען איהר האַנדלונג: צו זאָל עס זיין דערפאַר ווייל זי בעטראַכט ניט וואָס זי טוט, ווי דאַמאָלט ווען זי האָט איהם גערופען שפּעט צו זיך אין צימער, אָדער דאָס איז געווען אַן אויסדרוק פון אַ אומאָפּהענגיגער פרוי, דער פער־לאַנג דאָס מען זאָל איהר האַלטען גלייך מיט׳ן מאַן ? יעדענ־פאַלס האָט ער זיך געפיהלט בעליידיגט און איז געווען בייז.

אויפ׳ן גאַס האָבען זיי ביידע געשוויגען, ביז זי האָט אריינ־געלעגט איהר האַנט אין זיין האַנט, און מיט איהר טיפער, גו־טער שטים געזאָגט:

„זייט איהר בייז?"

— „ניין בייז בין איך ניט, אָבער. אָבער... נאָכאַמאָל — דאָס ניט טאָן."

זיי האָבען זיך צושיידט ווי פריינד, און ער איז אַוועק אין קאַפע.

לאַנג איז ער דאָרט ניט געווען. ערשטענס, ווייל איהם האָט געעקעלט פון דעם דאָרטיגען טאָן וואָס האָט זעהר ניט האַר־מאָנירט מיט זיין שטימונג, און צווייטענס האָט ער צוגעזאָגט זיין פריינדין, אַז ער וועט זיך צוריקהאַלטען.

די געזעלשאַפט איז אין קאַפע געווען דיזעלבע, ווי פריהער. ער האָט זיך אָבער געפילט פרעמד. ער איז אויך געווען זיכער, אַז איהר וועט ער אַהער ניט ברייננען: און דעריבער איז ער אַוועק אַהיים און זיך פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען. ווען ער האָט זיך דערמאַנט אַן דעם מאָמענט ווען פון פעלץ איז אַרויס

די יונגענדליכע שיינהייט, האט ער אין דעם געפונען עפּעס אומ־אנגענעמעס, עפּעס אומגליקליכעס. עס איז ניט געווען די ליב־טיגע אומשולדיגע, ריינע שיינהייט פון א גן־עדן קינד, נאר א טונקעלע, טייפעלשע שיינהייט, וואס איז א טויט פאר׳ן מאן. זי ווערט דער קבר פון דעם מאנס ווילען וואס מאכט איהם פארגעסען אז זיין נאמען, שטאנד און כבוד! מען קאן אבער איהר ניט אויסמיידען, און פון איהר ניט אנטלויפען אזוי ווי פון מזל.

* * *

אויף מארגען זיינען זיי ביידע געווען איינגעלאדען צום מיטאגעסען ביי איינעם א קינסטלער, וועלכער האט געהאט דעם טיטול פראפעסאר

דעם מאל איז זי שוין גאר אן אנדערע געווען. ווי א גע־שיקטע דאמע פון דער הויכער געזעלשאפט האט זי גערעדט מיט א דונערענדען טאן: האט געווארפען זעהר געלונגענע ווי־צען איז קיינעם קיין ענטפער ניט געבליבען שולדיג, ווען אימיצער פלעגט איהר א וויץ צוריקגעבען: נאר צייטענווייז פלעגט זי ווערען פערטראכט, גלייכגילטיג און בייז.

דער פראפעסאר איז געקומען פון געריכט. ער איז געווען א דזשוראר און דערצעהלט, אז ער האט פאר־משפט א מערדערין פון קינדער.

„און איך וואלט איהר געלאזען פריי" — האט זי זיך אפגערופען.

דער פראפעסאר וועלכער איז געווען א מיטגליד פון דער אקאדעמיע און אן איינגעהער אין קעניגליכען הויף, איז עפּעס געבליבען פערוואונדערט. ער האט אבער די בעמערקונג אנ־גענומען פאר א קאפריז און דערמיט די פראגע געלאזט פאלען.

די שטימונג איז געווען ניט קיין גוטע. דער פּרעמדער איז געווען איינגעלאַדען פון דער ווירטין, אבער ער האט זיך ניט געפילט היימיש אין דער געזעלשאַפט, וואו עס האט זיך אַלץ געדרייט אַרום קעניגליכען הויף. די פרוי פון הויז האט געווים געמיינט גוט, ווען זי האט איהם איינגעלאַדען; איהם, וועמען מען האט געהאַלטען פאַר אַן אַנאַרכיסט, האט זי געוואָלט בע־קאַנען אין די הויכע קרייזען. אבער די אומגלייכהייט האט זיך באַלד ארויסגעוויזען, ווען דער פּראָפעסאָר האט גענומען ריידען וועגען קונסט. ער איז מיט זיינע אַקאַדעמישע אידעאַלען גע־שטאַנען גאָר אַליין.

ווען די ווירטין האט דעם פּרעמדען געפרעגט: צי וועט ער קומען אין אַ געוויסען אָבענט און זיך טרעפען מיט בערימט־הייטען? האט דער מאַן אויף איהר אַ קוק געטאָן אַזוי אַז דער פּרעמדער האט זיך גלייך ענטזאָגט פון דער איינלאַדונג. די סקאַנדינאַווער — פאַרשטעהט איהר — זיינען ניט גאָר אנגע־נעם אין דער העכערער געזעלשאַפט, איבערהויפּט אין דער אַקאַ־דעמיע, ווייל אַ יונגער נאָרוועגישער מאַלער האט מיט זיין נייע־מאָדישע קונסט ארייגטראָגען אַ שפּאַלטונג.

נאָכאַמאָל האט ער זיך געלאָזט פערפירען פון דער ניט באַ־רעכענטקייט פון זיין פריינדין. זי האט איהם אריינגעפירט אין אַ קרייז, צו וועלכען ער געהערט ניט און וואו מען וויל איהם ניט האָבען. זי, ווי עס ווייזט אויס, האט גאָר ניט באַמערקט און האט זיך געהאַלטען ווי אין דערהיים.

נאָכ'ן עסען איז געווען מוזיק. די שיינע האט זיך אַזוי געהאַלטען, ווי איהר פריינד וואָלט דאָ גאָר ניט געווען. זי האט איבערהויפּט ניט געקוקט אין זיין זייט. און אַז מען האט זיך גענומען פונאַנדערגעהן, האט זי זיך מיט איהם געזעגנט ווי

מיט איינעם מיט וועלכען זי איז נאר וואס באקאנט געווארען;
און באגלייט האט איהר אהיים אן אנדערער הער.

II.

עס איז געווען א זונטאג נאכמיטאג אין יאהר 1893. זיי זיינען ביידע געגאנגען אין די זייטיגע גאסען, וואו זיי זיינען געווען זיכער ניט צובאגעגנען קיין בעקאנטע. ענדליך זיינען זיי אריין אין א הויז.

זי האט גערעדט פון איהר רייזע. ער האט געפילט, אז זי וועט איהם פעלען.

„קומט מיט" האט זי אזוי פראסט און אפען געזאגט.

— א, אייגענטליך איז מיר אלץ איינס, וואו איך וועל זיין.

דאס איז געווען גלאט גערעדט. און זי האט דערוויילע גע־נומען באשרייבען בערלין, די אויסזיכטען, וועלכע מען האט ביי די דארטיגע טעאטערס און נאך אזוינע זאכען.

— אבער — האט ער פראטעסטירט — איך וועל זיין צו ווייט פון מיינע קינדער. —

„אייערע קינדער, א, וועגען זיי האב איך אפט געטראכט. האט איהר זייערע בילדער ? ווייזט זיי מיר !"

ער האט ביי זיך געהאט די בילדער; און ווען זי האט נאכ־אמאל געבעטען, האט ער איהר געוויזען. די ביידע מיידלאך האבען איהר וויינינגער פעראינטערעסירט. ווען זי האט אבער דערזעהען דעם אכטיאריגען בלאנדען איינגעל מיט זיינע שיינע אויגען קוקענדיג אין דער הויך, איז זי ענטציקט געווארען.

„וואס פאר א שיין קינד ! איז עס ניט קיין גליק צו האבען אזא קינד?"

יע, היינט עס האבען כדי מארגען עס צו פארלירען.

זי האט געגויער אנגעקוקט דאס בילד און פערגליכען מיט דעם פאטער. ער האט זיך דאביי געפילט אומבעקוועם ווי א מאן קאן זיך פילען געגען א פרוי, וואס זוכט זיך ארייגצופאסען אין זיין ראלע.

"איהר זייט עס און איהר זייט עס ניט!"

ער האט ניט געפאדערט קיין ערקלערונג. און זי האט געבעטען, ער זאל דאס בילד איהר אוועקשייגקען.

זיי האבען ווייטער גענומען ריידען וועגען איהר רייזע. זי איז אבער געווען צעשטרייט, און פלעגט אפט קוקען אויף דאס בילד.

וואס אין איהר נשמה איז פארגעקומען, האט ער נים געקאנט טרעפען. אבער געמערקט האט ער, אז זי קעמפט מיט זיך, אז זי איז גרייט צו עפעס וואס. און ער האט געפילט, ווי עס ציהען זיך פון איהר ארום דינע ווארצלען און פלעכטען זיך אין איהם אריין. עפעס שווערעס, אומבעוואוסטעס איז געווען אין דער לופט. איהם האט זיך גענומען בייגקען נאך זיין קרייז, נאך די מענער, וועלכע ער האט פערלאזען; און ער האט איהר געבעטען, זי זאל איהם פריי מאכען פון דעם ווארט וואס ער האט איהר געגעבען ניט צו געהן מעהר אין קאפע.

„איהר בענקט שוין ווידער נאך זיי", האט זי געזאגט מיט שפאס.

זיי זיינען ארוים פון קאפע. זיי זיינען ארוים און געשוויגען אין דעם קלארען, טונקעלען אבענט. ער האט איהר צום ערשטען מאל פארגעשלאגען זיין האנט. די פאלערינע פון זיין מאנטעל האט דער ווינט אויפגעהויבען און געשמיסען איהר אין געזיכט אריין.

„דערפון האב איך שוין איינמאל גע־חלום'ט" — האט זי געזאגט. אבער ער האט ניט געענטפערט.

ווען זי איז אין קאָרידאָר פון איהר וואָהנונג געווען, האָט זי גענומען זיינע ביידע הענט, געקוקט איהם אין די אויגען און געזאָגט :

„געהט ניט אהין! געהט ניט צו אייערע פריינד!" דאן האָט זי אראָפּגעלאָזען איהר שלייער און נאָך איידער ער האָט אויסגעפונען וואָס זי מיינט דערמיט, האָט זי — מיט אן אראָפּגעלאָזענעם שלייער — איהם א קוש געטאָן אין די ליפּען. ווען ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט איהר ארומצונעהמען, איז זי שוין געווען הינטער דער טיר, וועלכע זי האָט פארשלאָסען. ער איז געבליבען שטעהן פאַרוואונדערט, ניט וויסענדיג און ניט פאַרשטעהענדיג ווי אזוי עס איז פאַרגעקומען.

דאן האָט ער גענומען נאָכדענקען און געקומען צום שלום : יאָ, זי ליבט מיך. און האָט מיט מיר קיין קאָטאָוועס ניט געטריבען. אָבער די העלדישקייט! יאָ, זי האָט אפילו דעם שלייער אראָפּגעלאָזען. דאָס איז ווייל זי האָט זיך אליין דערשראָקען פאַר דאָס, וואָס זי האָט געטאָן. יעדענפאַלס איז עס אָריגינעל, ניט חוצפּה'דיג. יאָ, אנדערע לענדער, אנדערע זיטען. אָבער פאַר א מאַן איז עס נעווען עפּעס א שטיקעל הכנעה, דעם ערשטען שטעמפּעל ניט אליין ארויפצולעגען. נאָר עס צו באַקומען. אָבער דער אמת איז, אז ער וואָלט קיינמאָל זיך ניט געשטעלט אין געפאָר צו ווערען אויסגעלאַכט, אָדער גאָר צו באַקומען א פּאַטש. גוט, וואָס דאָס האָט פּאַסירט. איצט איז עס זיכער און דאָס איז גענוג.

זי האָט איהם ליב. א און וויבאַלד אז מען האָט זיך ליב, הייסט עס. אז איך בין נאָך ניט אזוי שלעכט, ווייל עס געפינען זיך נאָך מענשען וואָס קוקען ארויף צו מיר, וואָס ערוואַרטען פון מיר גוטעס. דערמיט איז זיין זעלבסטגעפיל געוואַקסען און די האָפענונג און די זיכערהייט אין זיך. ער האָט זיך ווידער

דערפילט יונג, און איז גרייט געווען א נייעם פרילינג אנצו־הויבען.

אמת איז אפילו, אז ער האט די גאנצע צייט זיך איהר גע־וויזען נאר פון דער בעסערער זייט. אבער זיין געוואוהנהייט צו אונטערשטרייכען ביי א געלעגענהייט דאס שלעכטע אין איהם, האט געבראכט דערצו, אז דאס גוטע האט שוין במילא זיך מעהר בולט ארויסגעוויזען. אין דעם ליגט טאקע דער סוד פון יענער עכטע ליבע, וואס מאכט דעם מענשען איידעלער און וואס איז ניט קיין קאמעדיע. אזוי ווי ער האט ארויפגעצויגען אויף זיך די ראלע פון א פיינעם מאן, האט ער אין דער ראלע זיך אזוי איינגעלעבט, אז זי איז ביסלעכווייז טאקע געווארען ביי איהם נאטירליך. אזוי ווי זייער צובונד איז געקומען דורך פערזענ־ליכע סימפאטיע אדער פריינדשאפט, דערפאר הייסט עס, אז דער צובונד איז פון ריכטיגען זארט. דאס, וואס ער האט שפעטער איהר שיינקייט ענטדעקט, און איז פון איהר ענטציקט געווארען ווי פון א פרוי, איז געווען א וויטערדיגער בעוויז, אז אלץ איז נעגאנגען כשורה אין ריכטיגער ארדנונג; דאס הייסט, אז ער האט זיך ניט געלאזען פארפירען נור פון א שיינעם פנים'ל. איהרע חסרונות האט ער אפילו געפילט, אבער זיי דורכגעלאזען. דאך דאס איז געווען די פליכט פון ליבע און דער גרויסער פרובירשטיין: ווארום אהן נאכגעבעניש איז קיין ליבע ניטא.

ער איז אוועקגעפארען אהיים און האט אנגעשריבען א בריף. דער בריף האט זיך אזוי געענדיגט: „ערשט לייגט דער מאן אוועק זיין קאפ אויף איהר שויס, ווארום זי האט געקראגען שליטה איבער איהם. נאר צופיל טאר זי ניט אויסנוצען איהר מאכט: אויב ניט וועט זי האבען דעמזעלבען מזל וואס אלע טי־ראנען“.

אויף מארגען האט ער דעם בריף מיט א שליח אפגעשיקט.

מאלמארין — זיין פינלאנדער פריינד — איז געשטאנען לעבען איהם און האט מיט פערוואונדערונג געקוקט אויף איהם.

„נו וואס — האט ער געזאגט — דו ווילסט נאכאמאל פרו־בירען?"

— יא, עס זעהט אויס אזוי!

"און דו האסט ניט מורא?"

איך ריזיקיר, אין ערגסטען פאל אומגליקליך צו ווערען. איז מען דאך אבער סאי־ווי־סאי אומגליקליך.

„יא, יא".

יא, עס איז אן ענדערונג. אין דער איינזאמער לעבען איז גאר קיין לעבען ניט!

אנשטאט אן ענטפער אויפ'ן בריף, איז געקומען א טעלע־גראמע, ער זאל איהר טרעפען ביי א רעדאקטאר, וועלכער קאן זיין זעהר נוצליך.

אויף דעם האט ער געענטפערט מיט א טעלעגראמע: „איך וועל ניט קומען, ביז איך האב ניט קיין ענטפער אויף מיין בריף."

ווידער איז א טעלעגראמע געקומען אין וועלכער זי האט געבעטען, ער זאל ווארטען מיט'ן ענטפער ביז מארגען.

ער האט די גאנצע נעשיכטע בעטראכט פיר נאריש, קינ־דעריש. נאר ער איז פארט אוועק צום רעדאקטאר.

זי האט זיך אזוי געהאלטען, ווי עס וואלט גאר קיין זאך ניט פאסירט. מען האט געגעסען אבענטברויט; מען האט גע־רעדט פון געשעפטען. דער דאקטאר איז געוועזן א פערהייראַ־טער, גוטמוטיגער מענש, און האט בשום אופן ניט געמאכט דעם איינדרוק פון איינעם, וואס איז אין איהר פערליבט.

דעם אבענט האט ער איהר געפונען מיאוס, זי איז געוועזן

נים אקוראט אנגעטאן, האט געהאט טינט אויף די פינגער; און איהר גאנצער האלטען זיך און ריידען איז געווען אזוי געשעפטס־מעסיג, אז איהם האט אפגעעקעלט.

פיל האט ער אין לעבען דורכגעמאכט.

פיל מענשען האט ער געטראפען. נאר אזא משוגעת האט ער נאך קיינמאל נים דורכגעלעבט.

מיט א געפיל פון בעפרייאונג איז ער אוועק אהיים פעסט ענטשלאסען איהר איז בערלין נים נאכצופארען, זיין צוקונפט מיט איהר נים צו פארבינדען פעסטער.

אויף מארגען איז געקומען איהר בריף, וואס האט איהם נאך שטארקער געמאכט אין זיין באשלוס, פון איהר זיך צוריק־צוציהען.

זי האט געשריבען: „זי געהערט צו די פרויען, וועלכע קאנען נים ליבען (וואס איז דאס פאר א זארט? עס איז ליטע־ראטור, מעשיות! האט ער זיך געטראכט). ער מיינט, אז ער ליבט, אבער ער האט נאך ליב איהר ליבע (גענומען פון דומא דעם זון, גלויב איך). זי בעט אבער דאס ער זאל איהר ער־לויבען שטענדיג זיין פריינדין זיין; און זי בעט איהם היינט זיך מיט איהר צו טרעפען“.

אויף דעם האט ער געענטפערט מיט א דאנק און מיט א זייט געזונט.

איצט האבען זיך גענומען שיטען טעלעגראמעס און בריף דורך שלוחים מיוחדים; און געגען אבענט צייט איז אריין דער האטעל־דינער און געמעלדעט, אז א דאמעווארט אויף איהם אונטען אין קארעטע.

ער האט פון אנהייב געוואלט אפילו זאגען ניין. ער האט אבער בארעכענט, אז זי קאן ארויף צו איהר אין צימער, דאן וואלט דאך ערגער געווען. ער איז דערפאר ארונטער אונטען,

און גלייך אריין אין קארעטע. ניט איבערלייגענדיג זיך און ניט אויסריידענדיג קיין איין ווארט, האבען זיי זיך באגעגענט מיט א לאנגען, הייסען קוש.

נאכדעם האט זיך אנגעהויבען א שטורמדיגער געשפרעך וועלכער האט באלד אויסגעזעהען ווי א קריגעריי.

זי האט געוואלט, ער זאל איהר שוין אט די נאכט אויף איהר רייזע באגלייטען. ער האט זיך ענטזאגט דאס צו טאן. אויב מען וועט זיי זעהן צוזאמען פארענדיג, דאן וועלען די צייטונגען צעטראגען די נייעס, אז ער האט איהר „פארפירט“; און דאס וויל ער אויף זיין געוויסען ניט נעמען סאי צוליב איהרע עלטערן און סאי צוליב זיינע קינדער. אגב איז ער אפהענגיג פון דער הילף פון אנדערע מענשען: און אין דעם אויגענבליק ווען יענע וועלען הערען, אז ער איז א מין אוואנטוריסט, וועלען זיי זיך פון איהם אפווארפען און אלע הילפסקוועלען וועלען פאר איהם פארשלאסען ווערען.

„אויב אזוי, האט איהר מיר ניט ליב!“

אך, דו רעדסט ווי א קינד! —

ער האט פון איהר געמוזט לאכען.

זיי זיינען ארויס פון קארעטע און האבען ניט אויפגעהערט וועגען דעם צו ריידען, געהענדיג דורך א קליינע, גרינע געסעל, וואס האט געפירט צום ברעג ים. פון צייט צו צייט פלעגט ער נעמען איהר פאר'ן האלז און מיט א קוש אויפ'ן מויל איהר מאכען שווייגען.

— אז איהר זייט משוגע, דאס האב איך געזעהן. אבער איך, פארשטעהט איהר מיך, בין אויך א האלבער א משוגענער און מיט מיר וועט איהר ווייט ניט אוועקגעהן. —

„איך וועל זיך ארייננווארפען אין ים!“ האט זי געשריען. גוט! איך וועל נאכגעהן. איך קאן שווימען.

ענדליך האט ער איהר דאך געבראכט צום לאכען. דאן זיי־נען זיי אריין איז א קאפע אום דארט אנצונעמען פעסטע בע־שלוסען.

איצט האט ער די אויבערהאנט איבער איהר באקומען, און האט איהר בעהאנדעלט ווי א ניט ערצויגענע מיידעל. און עס איז געווען צו באוואונדערן ווי זי האט איהם געפאלגט. זי האט אנגענומען די ראלע, וועלכע ער האט איהר אנגעוויזען; און דער־ביי איז עס געבליבען.

האבען זיך די מענשען איצט געליבט ? יא! געווים, וואר־רום ער האט דאך געוואוסט, ווי געבונדען ער איז געווען און זי האט אין יענעם טאג, נאך פריהער איידער עס איז ארוים זייער ערקלערונג, געשריבען דער מוטער פון איהר ליבע.

ביי דעם בעשלוס זיינען זיי געבליבען: זי זאל אליין פא־רען זיי האבען איינע די אנדערע גארנישט צוגעזאגט. זיי ווע־לען זיך דורכשרייבען און זעהן זיך צו טרעפען זומער. און ווי נאר זיין מעמד וועט ווערען א זיכערער און א פעסטעטער, וועלען זיי דיינקען וועגען פערלאבונג און חתונה. ביי דעם זיינען זיי זיך פאנאנדערגעגאנגען אום א לאנגע צייט זיך ניט צו זעהן.

* * *

ער איז באלד נאך דעם אוועק אין קאפע און אויסגעפונען זיינע פריינד. דארט אין זיין קרייז האט ער זיך געוואלט אבי־סעל אפפרישען. דאס, וואס ער איז חדשים לאנג געווען אזוי אפגעשלאסען איז דער געזעלשאפט פון א פרוי, האט איהם ארויסגעריסען פון זיין סביבה און ער האט דעם באדען אונטער זיינע פיס פערלארען און אנשטאט דעם האט ער אויפגעבויט א צוזאמענלעבען אויף אזא ניטזיכערען גרונד, ווי עס איז א יונגע פערליבטע מיידעל, ועמען די ליידענשאפט פערוואנדעלט אין א פרוי. איהר לעצטער צארן־אויסברוך האט געוויזען, אז זי האט

געמיינט, אז ער וועט איהר בלינד פאָלגען, און אַלץ זיך אונטער־געבען און אונטער איהר.

ער האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט מיט דעם געפיל פון בעפריי־אונג, און איז אריין אין קאפע מיט אַ געפיל אַזוי ווי ער וואָלט עפּעס אַ שווערע משא פון זיך אראָפּגעוואָרפען, עפּעס גליקליך אריבערגעקומען און צו אַ סוף געבראַכט.

דער שוועד איז דאָרט אויך געווען. ווייל דער עולם האָט, ווי עס ווייזט אויס, געפּלוידערט פון דעם נאַרוועגערס פערלאָבונג האָט ער אויך דעם מוט נעקראָגען זיין דאַמע מיטצונעמען אין קאַפע. דאָס איז געווען אַ הויכע, פון לאַנגער קראַנקהייט אויס־געמאַטערטע, בלאָנדע שוועדין מיט טרויער און פערצווייפלונג אין איהר שטים, ביי ווענען די ווערטער האָבען זיך לאַנגזאַם גע־צויגען; און מיט אויגען וואָס זיינען אראָפּגעהאַנגען אויף אונ־טען.

אַלס קינסטלערין, כאָטש אָהן אַ נאָמען, איז זי געווען „פריי" ווי מען רופט עס, אָבער ניט פריי פון דער ווייבערשער גאווה צו וועלען שטענדיג זיך ווייזען אין דער בעגלייטונג פון אַ מאַן, אום זיך צו בערימען, אז דאָס האָט זי עראָבערט.

פון איהם, דעם נאַרוועגער, האָט זי שוין לאַנג געטראַכט; און ווען זיי האָבען זיך איצט געטראָפען, איז ער געווען פאַר איהר נאָר אַ נייער און פול פון איבעראַשונג. אויך האָט ער מיט זיך געבראַכט דעם גאַנצען פייער פון זיין לעצטער ליידענשאַפט.

עס האָט ניט גענומען קיין האַלבע שעה, ווי זי האָט שוין מעהר אַ קוק ניט געטאָן אויף איהר אַלטען פריינד. זי האָט ניט געהערט וואָס ער האָט גערעדט; און ווען ער איז אויפגע־שטאַנען און אַ פרעג געטאָן: אויב זי געהט מיט איהם אהיים?

— דו קענסט געהן — האָט זי איהם געענטפערט, און ער איז אַוועק.

עס האט איהר וויניגער ווי א שעה גענומען אפצושניידען מיט איהר פריינד, מיט וועלכען זי איז געווען פארבונדען יארען און ווערען צוגעבונדען צום נארוועגער, וועלכער האט ערשט מיט אנדערהאלבען שטונדען צוריק געקושט זיין כלה פאר איהר אפפארען.

ער האט זיך אליין געפרעגט: ווי איז דאס מעגליך? ער האט אבער זיך ניט גענומען די צייט דאס צו ערקלערען. זי האט געהאט די מעלה וואס זי האט איהם אין גאנצען פערשטאנען: ער האט ערשט איצט, נאך אזא לאנגער געפאנגשאפט, געקאנט זיך אויסריידען די הארץ. ער האט מער ניט ווי געדארפט עפעס לייכט באריהרען, און זי האט איהם שוין אין גאנצען פערשטאנען. זי האט געשלונגען זיינע ווערטער. עס האט אויסגעזעהן, דאס זי פאלגט נאך זיינע געדאנקען. זי האט מן הסתם געקראגען ענטפערס אויף א פולע פראגען, מיט וועלכע זי האט זיך לאנג ארומגעטראגען..

זי פלעגט געהן אויסערן שטאדט, וואנדערן פון קאפע צו צו קאפע, נאכלעסיג און שלעכט געקליידעט. אמאל פלעגט ער זיך שעמען, דאס מען קאן איהם אננעהמען פאר איהרען א פארעהרער. דאך גלייך פלעגט זיך ביי איהם ערוועקקען א רחמנות געפיהל צו איהר און זי פלעגט עס אויסטייטשען, אז ער ווארפט זיך אונטער אונטער איהר מאכט.

זי פלעגט געהן אויסערן שטאדט, וואנדערען פון קאפע צו קאפע און שטענדיג ריידען. באלד אבער האט איהם זיין געוויסען ניט געלאזען רוהען: און ער האט איהר גענומען פעראכטען פאר וואס זי איז אזוי אונטריי געווען געגען איהר פריינד. אין אונטרייקייט האבען זיי זיך געטראפען. און ביידע האבען עטוואס שרעקליכע געפילט. און דאס איז עס געווען וואס האט זיי איינע צו די אנדערע געטריבען אום אין איין אבענט צו

באגעהן דעם זעלבען פארברעכען.

גלייך אין אנהויב פון זייער באקאנטשאפט האט זי איהם געפרעגט וועגען זיין פערלאבונג. צוערשט האט ער געזעהן אויס־צומיידען דעם ענטפער; אבער שפעטער, אז זי האט ווי א חבר און מיט אנטייל געפרעגט נאכאמאל, האט ער איהר אלץ דערצעלט. און ווי נאר ער האט געקאנט ריידען פון זיין ליבע איז ער ווארימער געווארען. זי האט זיך געווארעמט אן זיין פייער און געזעהן צו פארטונקלען די אנדערע. און אויף אזא אופן פלעגען ביידענס געשטאלטען זיך צוזאמענטרעפען ביי איהם. די, וועלכע האט בעדארפט שטעהן צווישען איהם און די אוועקגעפארענע, איז גראדע געווארען די, וואס האט זיי צוזאמענגעצויגען.

* * *

אויף מארגען זיינען זיי ווייטער געווען צוזאמען. איהר האט ניט דערעסען צו ריידען וועגען זיין פערלאבונג. היינט אבער האט זי צעגלידערט די זאך און האט גענומען צווייפלען אויב ער וועט זיין גליקליך. זי איז געווען זעהר פארזיכטיג אין איהר ארבייט, האט איהם געשאנעוועט, האט מעהר ניט געוואלט ווי אביסעל זיך גריבלען אין זיין נשמה.

און זי האט פארשטאנען זיך צוריקצוהאלטען פון א ווארט אין א פאסענדען מאמענט, כדי איהם ניט צו בעליידיגען.

עס האט אבער געדארפט טרעפען, ער זאל איין מאל א ביי־טאג באקומען א בריף פון זיין כלה, און דער בריף האט גע־דארפט זיין אן ענטפער אויף זיינעם א ליידענשאפטליכען גע־זעגענבריף. דער בריף איז געווען פול מיט געשעפטזאכען און עצות, אין א בארעכנענטען טאן געשריבען און אין גאנצען אזוי קליינלאך, פעדאנטיש. עס איז קיין שפור ניט געווען צו מער־קען אז א יונגע מיידעל זאל עס האבען געשריבען.

דער בריף האט איהם זעהר געערגערט און ארויסגערופען ביי איהם אן עקעל, און ווען ער האט ערשט געטראפען זיין פריינדין, איז אויף איהם ארויפגעקומען א שטארקער חשק פון צעשטערונג; און ער האט גענומען בייז פאנאנדערקלייבען יענע די אנדערע. די שוועדין איז ניט פויל געווען מיט איהרע ווייבער־רישע קענטנישען און ערפארונגען פון דער ווייבערשער נשמה צוצוגעבען צו די איינצעלהייטען, וועלכע ער האט דערציילט נאך איינצעלהייטען מיט די ערגסטע אויסטייטשונג. ער האט זיין שעפסעלע צו דער וואלפין צוגעווארפען, און זי האט דאס שעפסעלע אויף שטיקלאך צעריסען בעת ער איז געזעסען און עס צוגעזעהן.

III.

אין אנפאנג אפריל, דאס הייסט מיט דריי וואכען שפע־טער, איז דער נארוועגער געזעסען אין קאפע צוזאמען מיט לאים — אזוי האט מען די שוועדין גערופען — נאכדעם ווי איז געווארען די פריינדין פון דער געזעלשאפט, ניט האבענדיג קיין איין בעשטימטען פריינד.

דער נארוועגער האט אויסגעזעהן מוטלאז און איז, ווי גע־ווענליך, געווען אויף אלץ „גערייט". זיין פארלאבונג האט מיט הילף פון די בריף קיים געזיפעט. און בכלל איז די גאנצע פארלאבונג ווידער ניט געווארען זיכער, נאכדעם ווי איהר פאטער האט זיך דערוואוסט און איז שטארק אויפגעבראכט געווארען געגען דעם. דער פאטער איז געווען א הויכער בעאמטער, גע־וואהנט אין אדענזע, פלעגט זיין אן אריינגעהער אין קעניגליכען הויף, ווען ער האט געוואהנט אין דער הויפטשטאדט און האט געהאט 12 ארדענס. ער האט בעסער געוואלט זיך שיסען, איי־דער האבען פאר אן איידעם א בעוואוסטען ניהיליסט.

כדי צו מאכען דערפון א סוף האט דער אלטער געשטעלט זיינע פאדערונגען, וועלכע עס איז געווען ניט מעגליך אויס־צופירען. ער האט געוואלט אז דער נארוועגער זאל אלע שולדען בעצאלען און זאל האבען אן אנשטענדיגע הכנסה. און אזוי ווי א דראמען־שרייבער קאן גאר ניט גאראנטירען, ווייל ער לעבט דאך פון גוטען ווילען פונ׳ם פובליקום, דערפאר איז דער חתן געווען מיט דער מיינונג, אז מען האט איהם משלח געווען, און אז ער איז פריי. און דאס ער איז אייגענטליך באמת געווען.

דער גאנצער דורכשרייבען זיך וועגען געלטזאכען האט אי־בערהויפט אבגעקילט זיינע געפילען. ליבעס בריף, פול נאר מיט מוטערליכע עצות און מיט פראקטישע פארשלעגע וועגען רע־דאקטארען און ארויסגעבער האבען ניט געקאנט צופרידענשטעלען איהם, אן אלטען ליטעראט און דערפאר, ווען די בריף האבען אין גאנצען אויפגעהערט, האט ער זיך געהאלטען פאר אין גאנצען פריי.

מיט איהר געוואהנליכער חוצפה האט לאים זיך צוגעשרי־בען דעם אויפטו, דאס זי האט עס געמאכט, אז די פערלאבונג זאל ווערען אויס. דאס איז אבער געווען ניט אמת. אין די לעצטע טעג האט אויך פאסירט א זאך וואס איז געווען א גליק פאר די ווייטערדיגע פאסירונגען. עס איז נעמליך געקומען לאיסעס אן אלטער פריינד, וועלכער איז אין איהר געווען א ביסעל פאר־ליבט און האט זיך גענומען ארומדרעהען ארום איהר אזוי, אז זי האט ניט באמערקט ווי דער נארוועגער איז צו איהר קאלט געווארען.

פאר׳ן נארוועגער א צושטאנד ווען די נשמה איז צעריסען אויף

די לעצטע טעג זיינען געווען יום־טוב־טעג אין קאפע. מען האט געפייערט דעם נייצוגעקומענעם מאן. עס איז אנגעקומען פאר׳ן נארוועגער א צושטאנד ווען די נשמה איז צעריסען אויף

שטיקער. און עס ווילט זיך ניט דענקען ווענען קיין זאך און זיך ניט רעכענען מיט קיין זאך.

לאים איז אין זיך געווען אזוי פארנארט, דאס זי האט גע־מיינט, אז קיינער קאן ניטביישטען געגען איהר רייץ; און אז יעדער פון איהרע מענערפריינד איז פון איהר פארלאזען געווא־רען, אפילו אין דעם פאל ווען אין דער ווירקליכקייט האט פונקט קאפויער פאסירט און יענער האט איהר פארלאזען. איצט האט זי געוואלט איהר נייגעקומענעם פריינד ווייזען ווי גוט זי איז פארזארגט מיט איהר נארוועגער, או זי האט אנגעהויבען מיט'ן נארוועגער זיך ארומצודרייסען.

אזוי ווי ער האט לאנג געהאט געגען איהר א האס, האט ער ערשט באנוצט די געלעגענהייט מיט איהר אין גאנצען אפצו־שניידען. אבער עס אזוי צו טאן, אז זיי זאלען קיין שונאים ניט בלייבען און קיינער פון זיי זאל ניט זיין באליידיגט.

צוליב אן אויסגעטראכטע אורזאך, אדער א געפיל וואס האט איהם געזאגט, אז עפעס ערוואַרטעט איהם, איז ער אויפ־געשטאנען, האט זיך מיט זיי אפגעזעגענט און זיי ביידען גע־לאזען אליין, לאים אבער איז צוגעשטאנען ער זאל בלייבען. מין הסתם האט זי געוואלט האבען די געלעגענהייט איהם צו לאזען אליין, ווען זי וועט אוועק מיט יענעם. זי האט דא אבער א טעות געהאט. זיך פארנייגענדיג פאר דעם פרעמדען איז ער אוועק אין זיינע לעצטע ווערטער זיינען געווען:

„נו, איצט לאז איך אייך אליין!“.

ווען ער איז ארוים אויפ'ן גאס, האט ער זיך געפילט ניט רוהיג. ער האט געפילט, אז עפעס ניט קיין אבגעשלאסענע זאך האט ער געלאזען הינטער זיך און אז עפעס אן אומערוואַרטע־טע זאך שטייט איהם פאר. איהם האט זיך געדוכט, אז ער הערט די שטים פון דער פארלאזענער. זי עפענט קיינמאל ניט

די ליפען ווען זי רעדט. נאר די ווערטער קייקלען זיך ארויס ביי איהר פון האלז. זי איז שטענדיג געווען הייזעריג פון די ניג דערשלאפענע נעכט, פון רייכערן און פון וויין טרינקען. עו פלעגט אזא שטים ביי פרויען רופען „פארטער וויין־שטים", ווייל זיי דערמאנען אן דעם שווארצען נאכטגעטראנק.

אט, אזוי איז עס מיט דער פרויענפריינדשאפט: אדער זי ענדיגט זיך מיט ליבע, אדער מיט האס, שטארק ווי די ליבע.

ווען ער איז געקומען אין האטעל, האט איהם דער קעלנער דערלאנגט א שטאדטישע טעלעגראמע. — „דאס איז געווען וואס מיר האט געצויגען אהיים" — האט ער זיך געטראכט.

נאך איידער ער האט די טעלעגראמע געעפענט, האט זיך איהם געדאכט, אז ער ווייס דעם אינהאלט. ער האט געגלויבט אז ער האט עס שוין געלעזען און דערפאר איז ער ניט געווען פארוואונדערט.

„איך בין דא. זוך מיך ביי דר. עקס. זעהר וויכטיגע גייעס".

ער איז געבליבען שטעהן א פאר מינוטען אום צו בעטראכ־טען וואס צו טאן.

ווען דער קעלנער איז אריין האט ער איהם געבעטען טעלע פאנירען נאך זיינעם א פריינד א דאקטאר, יענער איז געווען א פערהייראטער מאן, האט געהאט אן אייגענע קליניק און האט זיך דערפרייט מיט דעם רוף.

דער דאקטאר איז באלד געקומען און האט אויפגעקלערט די זאך.

„דו ווילסט זיך ניט צוריקציהען?"

ניין! אבער איך מוז זיך צוזאמעננעמען און אויסרוהען, ווארום איך בין צו נערוועז. אויב איך וועל שיקען א טעלע־

גראמע, אז איך בין קראנק, וועט זי מיר ניט גלויבען און וועט אליין קומען. בעט איך דיר: זיץ דא נאך א האלבע שעה.

די טעלעגראמע איז אוועקגעשיקט געווארען און אין האלבע שעה ארום האבען זיך געהערט טריט אין קארידאר.

זי איז געקומען. זי איז געווען אנגעטאן אין שווארצען. אין אנפאנג האט זי ניט געגלויבט. אבער דאס דורכריידען און מישב זיין זיך מיט דעם דאקטאר האט איהר געגעבען די אויבערגע־וויכט און דאס איז איהר געפעלען געווארען.

זי האט געזאלט מארגען ווידער קומען אין דער באגלייטונג פון דאקטאר. מיט דעם איז זי אוועק. נאר פאר דעם אוועקגעהן האט זי א ווארימען קוש ארויפגעלעגט אויף דעם קראנקענ׳ס האנט.

„דו דארפסט מיט דיינע געפילען זיך ניט שפילען" — האט דער דאקטאר געזאגט. „איהר האט זיך ביידע ליב; דאס קאן מען, אזוי צו זאגען, מיט די הענט אנטאפּען".

* * *

ער איז דעם גאנצען אבענט געלעגען איינער אליין און גע־פרובירט זיך ארויסגעפינען אין דעם מיש־מאש. וואס פאר א טונקעלע ווילדעניש אין דעם מענשענ׳ס נשמה! ווער קאן דארט שאפען אן ארדנונג! פון האס געהט זי אריבער צו פעראכטונג, דורך אכטונג אין פארעהרונג; און דאן צוריק, געבענדיג א שפרונג אן א זייט, אדער ווידער צוויי שפרונגען פאראויס. גוט און שלעכטס, ערהאבענקייט און קליינליכקייט, אונטרייהייט מיט אייביגע ליבע, קושען און קלעפּ, באליידיגענדע באשולדיגונגען און באוואונדערונג אהן א גרענעץ, אלץ איז אויסגעמישט.

אזוי ווי ער האט אבער געקענט דעם מענשענ׳ס נשמה, האט ער באשלאסען ניט צו טראכטען און ניט צו קוקען אויף צוריק. נאר געהן ווייטער, פאראווערטס. ווען זי האט נאך ביים אנפאנג

פון זייער בעקאנטשאפט געוואלט זיך אויף עפעס באציהען. וואס ער האט פריהער געזאגט, האט ער איהר איבערגעהאקט אין מיטען.

— ניט קוקען אויף צוריק, נאר געהן פאראויס! מען רעדט אזוי פיל, אם מייסטען וואס עס פאלט אריין אין מויל גאר ניט געטראכט. איך רעד נאר אזוינס וואס עס קומט ארויף אויפ'ן זינען. דער לעבען וואלט געווען צו אומעטיג ווען מען וואלט אלע טעג רעדען און טראכטען איינס און דאסזעלבע. נייעס זאל זיין! דער גאנצער לעבען איז דאך נאר א געדיכט, און עס איז פיל אנגענעמער צו טראגען זיך אין דער הויך איבער'ן זומפ איידער ארייגקריכען מיט די פיס און זוכען א פעסטען באדען, וועלכער איז ניטא.

דאס האט געמוזט זיך צופאסען צו איהרע אייגענע פאר־שטעלונגען פון לעבען: זי איז גרייט געווען גלייך די ראלע אנצונעמען. אזוי פלעגט זיך שטענדיג געפינען נייעס און שטענדיג פול מיט איבערראשונגען. זיי האבען אפילו ערנסט ניט געקאנט בעטראכטען איינע די אנדערע. נאכמעהר, ווען עס פלעגט אמאל ביי זיי ארוים א דעבאטע, פלעגט איינער שלאגען דעם צווייטען מיט דעם צווייטענס נעכטיגע געדאנקען, וואס זיינען געווען פונקט דער הפוך פון דאס, וואס ער זאגט היינט. און אזוי פלעגען זיי אליין לאכען איבער זייערע נארישקייטען.

קליגער זיינען זיי איינע פון די אנדערע ניט געווארען. און אין ערנסטע מאמענטען האבען זיי געמוזט פרעגען:

„ווער ביסטו? וואס ביסטו אייגענטליך"? און קיינער וואלט ניט געקאנט ענטפערן.

ווען ער האט שוין געהאלטען ביים איינשלאפען, האט ער זיך געזאגט:

„איך וועל גאר ניט באשליסען, ווארום איך האב נאך ניט געזעהן, אז באשלוסען זאלען ברייננען צו עפעס. זאלען די פאסירונגען באשליסען דעם שיקזאל!“

* * *

אויף מארגען פאר מיטאג איז זי געקומען, ניט דערוואר־טענדיג דעם דאקטאר. זי האט געהאט אזא קלוגע שטיפע־רישע מינע, אזוי ווי זי וואלט זאגען: „איך פערשטעה פון וואנען דיין קראנקהייט קומט“. זי האט אבער וועגען די קלייניגקייטען ניט גערעדט. פון א קארב וואס זי האט געבראכט, האט זי, ארויסגענומען א רוט.

„וואס איז דאס ?“

„עס איז דער שטילער פרייטאג פאר פסח“.

זי האט ביי איהם צופוסען אוועקגעלעגט די רוט און אויפ־געפוצט די גאנצע בעט מיט גרינס.

זי האט זיך ארומגעדרעהט אין צימער, האט אלעם איינגע־ארדענט ווי א פרוי און האט זיך אוועקגעזעצט אין א בעקוועמען שטול.

„נו ? וואו איז די גרויסע נייעס?“

„מיר מוזען זיך פערלאבען נאכדעם ווי די צייטונגען האבען וועגען דעם געשריבען“.

„האבען דען די צייטונגען געשריבען וועגען דעם ? נו און דער אלטער?“

„דער פאטער האט א מאך געטאן מיט'ן האנט, ענדערן קאן ער דאך שוין ניט. אבער צופרידען איז ער ניט! נו, ווילסט מיך ניט גראטולירען?“

„פריהער דארפסטו מיך גראטולירען. איך בין דאך דער עלטערער און דער פערשטענדיגערער“

"איך האב די עהרע צו גראטולירען און נאך אזא מאן“!

אזוי האבען זיי געפלוידערט. באלד אבער זיינען זיי געקו־
מען צום קאפיטעל „אויסזיכטען". ער האט דיקטירט, זי האט
געשריבען: „אזוי פיל שטיק אנגענומען.. איין טויזענט".

„וויינינער דרייסיג פראצענט ענטוישונגען", האט זי גע־
זאגט.

— דרייסיג? איך רעכען אלע מאל ניינציג און אמאל הונ־
דערט ארונטער. —

„זיי ניט נאריש. עס איז ערנסט"...

און ביידע האבען זיך צעלאכט.

די לייכטזיניגקייט! צו קוקען אויף די שרעקליכע ערנסט־
קייט פון לעבען מיט אזא לייכטזין, צו בעטראכטען די ווירט־
שאפט אלס א פאעזיע.

— ווי וואלט מען געקאנט די צרות פון לעבען אריבער־
טראגען, אז מען וואלט זיי ניט געהאלטען פאר אוממעגליך?
אז איך וואלט עס באדארפט נעמען ערנסט, וואלט איך באדארפט
דעם גאנצען טאג וויינען און דערצו האב איך קיין חשק ניט גע־
האט. —

נאכדעם איז געקומען דער מיטאגעסען. זי האט געגרייט
דעם קליינעם טישעל. און עס צוגעפירט צום בעט. און איז געווען
זעהר שפארזאם מיט'ן ווייו.

„דו האסט ערשט געגוג געטרונקען, און דו מוזט מיר צו־
זאגען ניט צו געהן מעהר אין קאפע. אם וויניגסטענס ניט מיט
לאים".

— מיט לאים? — האט ער איהר פארריכט, און איז רויט
געווארען. דאס ווייסטו אויך?

„ווער עס איז 23 יאהר אלט, ווייסט אלץ!"

זייענדיג צופרידען וואס די ניט אנגענעמע ערקלעהרונג
איז שוין פאראיבער, האט ער איהר צוגעזאגט מעהר אין קאפע

ניט צו גענן און ער האט זיין ווארט געהאלטען, ווייל דאס איז געווען די איינציגע שטראף פאר זיין מיאוסע האנדלונג.

זיי זיינען אלזא געווען פארלאבט. ער איז אין ערגיץ ניט געגאנגען און מעהר ווי מיט איהר זיך ניט געטראפען. זי אבער פלעגט געהן צו איהרע בעקאנטע פאמיליען, פלעגט באזוכען טעאטער און דער גלייכען, דאס אלץ האט באלאנגט צו איהר פראפעסיאן אלס צייטונגס־קארעספאנדענטין. אין פאל עס וואלט צווישען זיי ארויס א קאמפף פאר מאכט, וואלט זי געווען אין א בעסערער לאגע, ווארום זי האט זיך געפונען אין איהר סביבה און איז געווען ארומגערינגעלט מיט איהרע פריינד, פון וועלכע זי האט צו יעדע צייט געקאנט קריגען שטיצע, וועה־רענד ער איז געווען איינער אליין און געלעבט פון זיינע פריה־ערדיגע בעאבאכטונגען.

זיי האבען געלעבט אייגענטליך ווי צוויי חברים. איהם האט זי פארבאטען צו לעזען דאס, וואס זי האט געשריבען אין די צייטונגען. זי אבער האט אלע זיינע ווערק געלעזען און האט דאך עס ניט באדארפט געבען צו מערקען דאס האט זי אויך ניט געטאן.

אין זייערע באציהונגען האט מען ניט געקאנט מערקען, אז ער איז דער געזעצטער, דער באוואוסטער דיכטער און זי — די יונגע ליטעראטור־און טעאטער קריטיקערין. זיי פלעגען זיך טרעפען ווי מאן און פרוי; און אלס איהר צוקונפטיגער מאן האט ער זיך מיט איהר אויף א גלייכען פוס געשטעלט, ניט העכער פון איהר.

אזוי ווי ער האט זיך נאר מיט איהר אליין געטראפען האט ער צייטענווייז זיך געפילט אזוי ווי געפאנגען, אבגעשטויסען פון דער וועלט און אין איהר געוואלט. ווען ער וואלט מיט איהר איצט וועלען איבערייסען, וואלט ער געבליבען איינזאם אין

דער גרויסער וועלט, אפגעריסען פון זיינע פריינד. דעם לעבען אין קאפע האט ער גענומען האסען: א חוץ דעם האט ער זיך געפילט אזוי צוגעבונדען צו אט דער פרוי, דאס איהם האט זיך געדוכט, אז ער וועט ניט אריבערטראגען, אויב ער זאל זיך דארפען מיט איהר שיידען.

ניט קוקענדיג אויף איהר ליבע צו איהם, האט זי דאך ניט געקאנט בעהאלטען, אז זי האט איהם אין איהר מאכט. און זי פלעגט עס איהם אמאל געבען צו פילען. ער פלעגט ווערען פריינד, דאך ער פלעגט זיך ניט גוט פילען צווישען זיי צוליב זיין אומטרייהייט. זי פלעגט זיך בלאזען א האלבען טאג און זיין אונטרייהייט. זי פלעגט זיך בלאזען א האלבען טאג און דאן קריכען פאר איהם אויף די קניע און איהם איבערבעטען: און ער פלעגט איהר דאן מוחל זיין.

— אין גרונד גענומען — האט ער איינמאל געזאגט — האסען מיר איינע די אנדערע, ווייל מיר האבען זיך ליב. מיר האבען מורא דורך די ליבע זיך אליין צו פארלירען. דאריבער דארפען מיר צייטענווייז זיך פאנאנדערגעהן, אום צו פילען, אז איך בין ניט דו, און דו ביזט ניט איך! —

זי האט צו דעם מסכים געווען. אבער קיין זאך האט ניט געהאלפען געגען דעם גייסט וואס בונטעוועט, געגען דעם קאמף פון איך פאר זיינע רעכטע. זי האט איהם געליבט ווי עס ליבט א פרוי א מאן, זי האט געפונען, אז ער איז שיין, כאטש ער איז געווען מיאוס. ער האט פון זיין זייט ניט געפאדערט ניט קיין כבוד, ניט קיין באוואונדערונג, נאר צוטרוי און פריינדליכקייט; און זי איז געווען זעהר לעבעדיג, לוסטיג, גראַ־ציעז.

ווען ער פלעגט אמאל נאכטראכטען וועגען די אלע טיפען אין וועלכע זי האט זיך איהם באוויזען זינט ער קען איהר,

פלעגט ער זיך נאר וואונדערען: ווי קאן א מענש שפילען אזוי פיל ראלען? די ליטעראַרישע, זעלבסטשטענדיגע דאַמע, מיט איהר געשליפענעם צונג, און אפענעם מויל איז אין גאנצען פארשוואונדען; אויך די וועלטדאמע, די גלענצענדע קאקעטקע איז אין איהר מעהר ניט געווען צו געפינען. זי האט געזעהן ווי ווייניג ער פאדערט; און איז געווארען אזוי ווי ער האט גע־וואלט.

אין מאנאט אפריל איז געווארען אן עכטער פרילינג. זיינע אויסזיכטען זיינען אויך געווארען ליכטיגער. אייניגע דראמען האט מען אנגענומען אין טעאטער, א ראמאן האט ער פאר א רע..עע סומע געלט פארקויפט, איין פיעסע האט מען אין פאריז אויפגעפירט.

א קלאנג האט זיך פארשפרייט אז זיי לעמען צוזאמען. דאס איז געווען ניט אמת. די עלטערן און אנדערע זיינען גע־ווארען זעהר אויפגעבראכט און האבען געפאדערט, אז זיי זאלען גלייך א חופה שטעלען.

„ווילסטו איצט חתונה האבען?“ — האט זי איהם א פרעג געטאן.

געוויס וויל איך.

דערמיט איז די זאך געווען באשלאסען.

דא זיינען אבער געקומען שוועריגקייטען. אזוי ווי זי איז געווען קאטאליש, טאר זי ניט הייראטען א גע־גט'ען מאן. אזוי לאנג ווי יענע פרוי לעבט. כדי אויסצומיידען די שוועריגקייטען האט ער באשלאסען צו הייראטען אין לאנדאן און דערביי איז עס אויך געבליבען. אלס עדות איז געקומען איהר שוועסטער. זי איז געווען פערהייראט פאר א בערימטען מאלער, אליין אויך געווען א שרייבערין און האט פארשטאנען אפצושאצען א טאלאנט אויך אהן געלט.

און אזוי האבען זיי זיך אוועקגעלאזען אויף זייער האכצייט־רייזע.

IV.

עס איז געווען א פריהמארגען אין מאי, ווען ער איז מיט איהר געשטאנעןביים ברעג פון ים אויף א קליינעם ענגלישען אינזעל. ער האט איהר עפעס געוואלט פרעגען אונטער פיר אויגען, אבער וואס האט ער אליין ניט געוואוסט, און דעריבער זיינען זיי ביידע געשטאנען און געקוקט אויפ'ן ווייטען ים ארויף, זוכענדיג א ציל, וואס האט ניט עקזיסטירט.

זיי זינען זעקס טעג דארטען געווען און האבען ניט געקאנט קיין קדושין קריגען. זיינע גט־פאפירען זיינען געווען ניט אין ארדנונג. זיין גט איז געווען ארויסגעגעבען מיט עטליכע חדשים שפעטער. ג.' האט טעלעגראפירט צו די נאטשאלסטווא און ווידער האבען זיך ארויסגעוויזען אונקלארקייט און מיספער־שטענדניסען. די זאך האט זיך פארצויגען און — די שוועסטער איז געווארען אומגעדולדיג.

— גלויבסטו מיר? — האט ער געפרעגט.

— „יא איך גלויב אין דיין ערליכקייט, אבער דו ביסט א שטיק שלים־מזל.“

— און דיין שוועסטער?

„וואס זאל זי גלויבען? זי קען דיר ניט. זי ווייס נאר אז דיינע פאפירען, וועלכע האבען געדארפט זיין גוט, זיינען באמת ניט גוט“.

— זי איז גערעכט. אבער איך בין ניט שולדיג. וואס וויל זי טאן?

— „זי פארט מארגען אפ: און איך מוז מיט איהר מיטפא־רען“.

— אזוי זיך פארנאנדערגעהן, איידער מיר האבען חתונה

געהאט: און צוריק אין האטעל־צימער און ביי־נאכט און קאַ־
פּע !

— „ניין דאס ניט !"

און נאך א ווײַלע פון שטילשווייגנע האט זי זיך געווענדעט:

"קום ! לאמיר זיך אריינווארפען אין ים"!

ער האט זי ארומגענומען.

— האסטו נאך אזא זארט מזל ווי מיינם געטראפען ?

וואוהין איך קום, ברייגג איך אומגליק. דערמאן זיך נאר אן
דיינע עלטערן !

„רעד ניט אזוי ! מיט נעדולד וועלען מיר אויך דערפון
פּטור ווערען" !

— כדי אין אן אנדער צרה אריינצוקריכען ?

„זאל איך דאס אוועקבלאזען" ?

און זי האט דעם וואלקען אוועקגעבלאזען. און זיי זיינען
ווי לייכטזיניגע קינדער געלאפען ארום די פעסטונגען און מינען.

אין אבענט איז געקומען א טעלעגראמע, וואס האט אין
גאנצען אויפגעקלערט דעם מיספערשטענדניש אין די פּאפּירען
און אויף מארגען האבען זיי בעשלאסען די חתונה אפּצופּראַ־
ווען.

און אויף מארגען איז עס טאקע געשעהן. פריהער אין גע־
ריכט. בעת די שבועה איז פארגעלייענט געווארען, האט זיך
די כלה אזוי היסטעריש צולאכט, אז די צערעמאניע האט גע־
האלטען אין גאנצען ביים איבערגעריסען ווערען. ווארום דער
ערנסטער ריכטער האט ניט געוואוסט ווי אויסצוטייטשען אזא
משוגענע סצנע.

גלענצענד האט עס ניט אויסגעזעהן אין אבענט, ביים פּאס־
טאר אין הויז. א חוץ דער שוועסטער, זיינען געווען נאך פיר

אומבעקאנטע שיף-לייט אלס עדות, ווען ער האט פאר גאט איהר זיין טרייהייט און ליבע געשוואָרען.

* * *

פערצעהן טעג אין מאַי זענען פאַריבער.ביידע זיצען דרויסען און קוקען, ווי די וואנדערפויגעלאך זעצען זיך אויס־רוהען איידער זיי לאָזען זיך ווייטער אין וועג צו צפון זייט.

„אַזוי רוהיג"

„ווי לאַנג נאָך ?"

—נאָך אכט טעג ! אַבער איך האָב קיינמאָל ניט גערעכענט, אַז חתונה צו האָבען איז אַזוי שיין און פּרעכטיג.

— כאָטש מען האָלט מיר אפילו פאַר א פרויען - האסער, דאָך האָב איך שטענדיג די פרוי ליב געהאַט; און כאָטש מען דיינקט, אַז איך בין א פריינד פון אַלעם וואס עס איז אומ־מאראַליש, האָב איך שטענדיג געוואָלט לעבען מיט חופּה וקדושין.

קאָנסטו זיך ערשט פאָרשטעלען אַז איינזאַמען לעבען ?

— ניין! דער געדאַנק אַליין שטיקט מיר.—

ווייסט, איך בי אַזוי גליקליך, אַז א מורא פאַלט אויף מיר אַן.

— יאָ. אויף מיר אויך. עס דוכט זיך מיר אַלץ, אַז אימע־צער קוקט אונז נאָך און לויערט נאָך אונז. די געטין פון נקמה איז עס! זי פאַרפאָלגט ניט נאָר שולדיגע מענשען, נאָר אויך גליקליכע. —

„פאַרוואָס האסטו מעהר פון אַלץ מורא"?

— מיר זאָלען זיך ניט פאַרנאַנדערגעהן. —

„אַבער דאָס איז דאָך אין אונזער האַנט?"

— ווען עס וואָלט נאָר אַזוי געווען! אַבער די קרינגרייזען קומען פון דרויסען ווי דער ווינט מיט דעם טוי, מיט דער צו־

לאנגער זונענשיין, מיט דעם רעגען. אט פּרובירט אויפגעפינען.
— ווער איז געווען שולדיג אין אונזער לעצטען קריג?
— קיינער ניט!
— יע, קיינער פון אונז ביידען ניט, מוז עס דאך זיין א דריטער. ווער איז אט דער דריטער? מען רופט עס מיספּער־לאנגער זונענשיין, מיט דעם רעגען. אט פּרובירט אויפגעפינען. שטענדניש אבי נאר א נאמען צו האבען. אבער מיר וויסען דאך, אז מיר ביידע זיינען געווען ביים פולען פערשטאנד.
—„יאג ניט ארויף אויף מיר קיין שרעק"!
— ניין. אבער ריכט זיך, אז עס וועט זיך איבער־חזר'ן דערזעלבער שפּיל נאכאמאל, און מיר וועלען איינע די אנדערע בעשולדיגען ווי צום לעצטען מאל. —
—„אפשר וועלען מיר אריינגעהן אין הויז און עטוואס פּרובירען שרייבען?" — האט זי געפּרובירט אראפּפירען דעם געשפּרעך אן א זייט.
— איך קאן ניט שרייבען —
„און איך אויך ניט. מיין רעדאקטאר איז בייז וואס איך האב שוין צוויי חדשים איהם קיין איין ארטיקעל ניט גע־שיקט".
— און איך האב א גאנצען יאהר קיין נייע אידעע ניט געהאט. וואס וועט דערפון ארויס? —
די זאך איז אזוי געווען, אז זיי ביידע האבען איינע די אנ־דערע צום שטילשטאנד געבראכט. קיינער פון זיי ביידען האט ניט געהערשט. זייער צוזאמענזיין איז געווען א שטילער, אנ־גענעמער שווייגען. און די געוואוהנהייט צו זיין נאהנט איינער צום צווייטען איז געווען אזוי גרויס, אז איינער פון זיי פלעגט ניט ארויס פון טיר, ווען דער צווייטער פלעגט ניט נאכ־געהן.

זיי האבען פרובירט זיך פארמאכען אין די צימערן כדי צו ארבייטען, אבער אין א פערטעל שעה ארום פלעגט שוין איינער קלאפעןביים צווייטען אין טיר.

„ווייסטו ? עס איז א פרעכטיגער לעבען. אבער איך פיל, אז איך ווער א אידיאטקע — האט זי זיך באקלאגט.

— דו אויך ? —

איך קאן ניט לייענען, ניט שרייבען און קוים ריידען אפילו".

— עס איז צופיל גליק און מיר מוזען אויסגעפינען מענשען, אניט וועט יעדער פון אונז ווערען א טם.

דער אמת איז געווען, אז זיי האבען ביידע אויפגעהערט צו ריידען. עס האט אויסגעוויזען, אז זיי זיינען אזוי איינינ אין אלע פראגען און מיינונגען, אז איינער האט שוין געוואוסט פאראוים דעם מיין פון צווייטען; אזוי אז עס איז שוין געווען איבעריג נעווען זיך צו טיילען מיט מיינונגען . דערזעלבער נעשמאק, דיזעלבע געוואנהייטען, דערזעלבער לייכטער סקעפטיציזם האט זיי צוזאמענגעבראכט און ערשט האבען זיי זיך אזוי צוזאמענגעשמאלצען ווי צוויי שטיקער פון זעלבען מעטאל.

יעדער פון זיי האט זיך אין זיין פארמע פארלארען. זיי זיינען געווען איינס, אבער די ערינערונג אז א זעלבסטשטענדינע עקזיסטענץ און אן אייגענע פארמע איז נאך פארבליבען, און דער בעפרייאונגסקריג איז געשטאנען פאר דער טיר. די שטרעבונג פון דער פערזאן זיך אליין צו ערהאלטען האט זיך אויפגעכאפט; און ווען יעדער פון זיי האט געוואלט צוריקנעמען זיין טייל, איז ארויסגעשפרונגען א קריג.

— פארוואס שרייבסטו ניט? — האט ער געפרעגט.

„איך האב געפרובירט. אבער עס קומט אלעס ארויס דו און געגען דיר."

— איך אדער אן אנדערער, איז דאך אלץ איינס. —

„דו מיינסט, איך האב שוין גאר קיין איך ניט“?

— דו ביסט צו יונג צו האבען אן אייגענע וועלטאנשויאונג. דו נעהסט נאך אנדערע; און איך בין פונקט אזוי גוט ווי ווער עס איז אן אנדערער.

דאס האט ער בעסער ניט באדארפט זאגען, ווארום מיט דעם האט ער איהר אויפגעוועקט..

* * *

עס איז אנגעקומען א נומער פון א צייטונג, אין וועלכער עס איז געווען געשריבען, אז א בוך פון זיינע געדיכטע איז פון א לאנדאנער פירמע ארויסגעגעבען געווארען.

„ווילסטו פארען אין לאנדאן“? — האט זי געזאגט.

—מיט פארגעניגען, כאטש איך גלויב אין דאס וואס דא שטעהט געשריבען נים. איך האב אזוינע זאכען שוין צו אפט געלעזען. יעדענפאלס איז עס א געשעפטסרייזע, וועלכע קאן זיך באצאלען.

די רייזע האט מען בעשלאסען אונטאקע באלד אויסגעפירט.

מיט דערזעלבער פרייד האבען זיי איצט געזעהן דעם אינזעל פארשווינדען, ווי דאמאלט ווען ער האט זיך גענומען באווייזען פאר זיי.

אין דאווער האבען זיי געמוזט פארבלייבען א טאג אין א האטעל.

ווען ער איז פון א שפאצירגאנג געקומען אהיים, האט ער דערזעהן ווי זיין פרוי האלט אין פאר׳חתמ׳נען זעקס פאקעטען, אלע פון איין פארמע און פון איין גרויס.

— וואס האסטו דא ? — האט ער געפרעגט.

— דא איז דיין אמעריקאנער רייזעבעשרייבונג, וועלכע איך שיק אפ צו מיינע בעקאנטע רעדאקטארען אין דענעמארק.

— דאס קאן מען דאך אבער ניט צעברעקלען: און דו ווייסט דאך אז אלע צוזאמען בילדען איין גאנצעס שטיק. האסטו דאס געלעזען?

— ניין דאס ניט, ווייל קיינער וועט ניט דרוקען קיין שטיק־לאך. ווען מען זאל עס ארויסגעבען אין א בוך, קאן עס האבען א ווערט. —

זי האט אבער געטאן דאס אייגענע.

„קום — האט זי מיט א באפעלענדער שטים געזאגט — מיר וועלען געהן אויף פאסט".

זי האט גוט געמיינט, אבער נארעש איז עס געווען: און כאטש די ערפארונג האט איהם באוויזען, אז זי איז א שלעכטער בעל־יועץ פאר איהם, פון דעסטוועגען האט ער איהר געלאזט טאן וואס זי האט געוואלט און איז נאך אליין מיטגעגאנגען.

אויפ'ן טרעפ האט ער באמערקט, אז זי הינקט אונטער אביסעל. זי האט געקויפט צו ענגע שיך מיט הויכע קנאפעל, וועלכע ניט אנשטענדיגע פרויען פלעגען דאן טראגען אלס פוץ־זאך.

אויפ'ן גאס איז זי שנעל געגאנגען פאראויס צום פאסט־אפיס און ער הינטער איהר: און אז ער האט באטראכט איהר קליינע פיגור אנגעלאדען מיט די פיל פאקעטען, וועלכע זי האט אליין געוואלט טראגען, הינקענדיג, האט איהם אפגעעקעלט פון איהר.

צום ערשטען מאל האט ער איהר געזעהן פון הינטען; און ניט ווילענדיג האט ער זיך דערמאנט אן דער מעשה פון א וואלד־

פּה־י, וועלכע איז מיט'ן פּנים געווען אַ רייצענדע שיינקייט, פון דער זייט אַבער — אַ פּערזעהעניש.

אַבער גלייך האָט ער זיך אַליין פערשעמט פאַר זיינע געדאַנקען. אין דער גרויסער היץ האָט די קליינע פרוי געטראָגען די פּעק, אַנגעשריבען זעקס לאַנגע בריף צו די רעדאַקטאָרען און אַלץ פאַר איהם. און דערצו הינקט זי נאָך! אַבער די אַרט און ווייזע ווי זי האָט בעהאַנדעלט זיין אַרבייט, דאָס צושניידען אַ מאַנוסקריפּט, וועלכען זי האָט ניט געלעזען, אַ ליטעראַרישע אַרבייט צו האַקען אויף שטיקער, ווי אַ קצב אַ שטיק פלייש...

איהם האָט ווידער אַנגענומען אַן עקעל. און דאַן איז ווידער געקומען די חרטה, געמישט מיט יענעם ניט ערקלערליכען געפיל פון שמערץ, וואָס עס פילט אַ מאַן, ווען זיין געליבטע איז מיאוס, שלעכט געקליידעט, אָדער לעבערליך.

אויפ'ן גאַס האָבען די מענשען איהר נאָכגעקוקט, איבערהויפּט ווען דער ווינט פלעגט אויפהייבען איהר דינעם מאַנטעל און עס אַנבלאָזען ווי אַ לופטבאַלאָן און פאַר־מאוס'ן איהר, געוועהנליך שיינער פיגור.

ער האָט גענומען געהן שנעלער כדי צוצונעמען ביי איהר די פּאַקעטען. זי האָט איהם לייכט אָפּגעשטופּט און איז מונטער געגאַנגען ווייטער.

אַרויסגעהענדיג צוריק פון פּאָסט־אָפיס, האָט זי געוואָלט קויפען נייע שיך, גרעסערע. ער איז אויך מיטגעגאַנגען. אַזוי ווי דער קויפען וועט דויערן ביי אַ האַלבע שעה, האָט זי איהם געבעטען וואַרטען דרויסען. ווען זי איז שוין ענדליך אַרויס, איז אַלץ געגאַנגען אַ ווײַלע כשורה, נאָכהער האָט זי אויסגעפונען, אַז די שיך דריקען איהר אויך.

„וואָס זאָגסטו צו אַזאַ שוסטער“?

— ער האט דאך די שיף פאר דיר ניט געמאכט אזוי ענג?
עס זיינען דאך געווען גרעסערע אויך! —

דאס איז געווען ניט קיין גוטער אנהויב פאר אן אונ־טערהאלטונג; און ווען זיי האבן זיך געזעצט ביי א טיש אין קאפע, איז זייער שווייגן געווען זעהר אן אומרוהיגער. זיי זיינען געזעסען ביידע איינע אנטקעגען די אנדערע, און האבן געמוזט קוקען איינער דעם אנדערען אין די אויגען. זיי האבן אפילו פרובירט אויסמיידען דעם צווייטענס בליק; אבער זיי האבען עס ניט געקאנט; און ווען זיי האבען געמוזט אנקוקען איינע די אנדערע, האט זי זיך אבגעקערט און א זאג געטאן:

„דו וואלסט איצט געווים געהאט חשק צו זיין ביי דיינע פריינד אין קאפענהאגען".

דאס האט זי ריכטיג געטראפען! אזוי איז עס געווען. אבער וואלט ער נאר איין סעקונדע דארט געווען, דאן וואלט ער זיך שוין ווידער געריסען פון זיי.

די נערווען האבען זיך צעשפיעלט. די אויגען האבען גע־פינקעלט מיט פייער. אבער אזוי ווי זי איז געווען אינטעליגענט האט זי פערשטאנען, אז קיינער פון זיי איז ניט שולדיג.

— „געה אביסעל שפאצירען" — האט זי געזאגט. „מיר דארפען ניט זיין שטענדיג צוזאמען. דו וועסט זעהן, אז נאכדעם וועט זיין בעסער."

דאס איז געווען אויך זיין מיינונג. און זיי זיינען אהן כעס זיך פאנאנדערגעגאנגען.

געהענדיג ביים ברעג פון ים, האט ער געפילט ווי זיינע נער־ווען בערוהיגען זיך ביסלעכווייז. ער האט זיך ווידער געפילט ווי עפעס א גאנצער מענש, וואס עקזיסטירט פאר זיך אליין. ער האט מעהר ניט געדארפט גלאנצען פאן אן אנדערן, נאר אין זיך אליין פעסטער ווערען. ער האט זיינע כחות אין זיך געזאמעלט.

ווי גוט האט ער געקאנט די אלע צייכענס, וואס האבען קיין באשטימטע באדייטונג ניט, אבער וואס לאזען זיך דורך קיין באשטימטע זאך ניט ערקלערען, אז ערשיינונג וואס האט אויס־געזעהן, דאכט זיך, אזוי ענליך צו אנדערע, אבער איז פארט גע־ווען עפעס אנדערש ווי אלעס אנדערע !

אזוי ווי ער האט זיך איצט גוט געפילט, וואס זי איז ניט געווען מיט איהם צוזאמען, איז איהם דורכגעפלויגען דער גע־דאנקען, אז א לייכגערע פרייהייט פון איהר, וואלט פאר איהם נאך אנגענעמער געווען. און קומענדיג אויפ'ן סטאנציע וואו די דאמפפערס געהן אפ, איז ווי א בליץ דורך דער געדאנקען:

— אויב איך וועל אפפארען מיט דער שיף, קאן איך אין צוויי טעג זיין אין קאפענהאגען. —

ער האט זיך אבער צוגעזעצט און באשטעלט א גלאז ביר, פארויכערט א סיגאר און האט זיך איבערלייגט.

— אויב איך זאל פארען אין לאנדאן — האט ער געטראכט, קריגט זי די אויבערהאנט איבער מיר, ווייל זי רעדט ענגליש און איך ניט. זי וועט זיך מיט איהם דארפען ארומפירען ווי מיט א שטומען. און ער וועט אויסזעהן ווי א משוגענער צווישען די ליטעראַרישע פריינד. ניין, דאס געפעלט מיר ניט. איהר פראָ־טעקציע ביי די דענישע צייטונגען האט אויך ענטהאלטען אן ערנידערונג. נאר איינמאל האב איך פון איהר א טובה געהאט.

אין מיטען פון גריבלען זיך האט ער זיך אבגעהאלטען. ער האט געוואוסט, אויב מען זאל אנהויבען אזוי צעגלידערן און צעברעקלען, ווער וועט עס קאנען אויסהאלטען ? ער האט אויך געוואוסט, אז קיינער האט ניט ליב, מען זאל איהם משפט'ן ווען ער איז ניטא דערביי. דערצו האט ער זיך דערמאנט אן די איינזאמקייט. ער האט געפילט, אז ער איז ניט דאנקבאר און איז אומטריי. עס האט איהם צוריק געצויגען צו איהר. ער איז

אויפגעשטאנען און איז מיט שנעלע טריט אוועק אין האטעל צו איהר.

ווען ער איז אריין אין א געהויבענער שטימונג, האט זי איהם באגעגענט מיט א לאנגען, לוסטיגען געלעכטער. זי איז געלעגען אויפ'ן זאפע צוזאמענגעדרייט ווי א קאץ, געגעסען קאנ־פעקטען און געשמעקט פון א פלאש פארפיום.

זיי האבען ביידע געלאכט פון אלץ, אזוי ווי זיי וואלטען עפעס קאמישעס געזעהן אויפ'ן גאס, עפעס אזוינס וואס איז זיי גאר ניט שייך.

* * *

און אט זיינען זיי אין פימליקא, הינטער'ן וועסט־מינסטער פון לאנדאן. איין וויזיט האבען זיי געמאכט און דאס איז אלץ. אלע לייט זיינען צעפארען, די טעאטערע זיינען צוגעשלא־סען. עס איז געווען א אומערטרעגליכע אפריקאנער היץ. די נשמה וואלט בעסער געטאן, ווען זי וואלט אין גאנצען פאר־לאזען דעם גוף און אוועק אין דער הויך זיך אפצוקילען. עס איז געווען ניט אויסצוהאלטען פון אין דער־פריה ביז שפעט אין אבענט...

די אנקומענדע נויט האט איהם סוף כל סוף געצוואונגען זיך צו נעמען פאר דער ארבייט. ער האט כמעט אלע זיינע ערפארונגען פון לעבען שוין אויסגענוצט אין זיינע ארבייטען: און ער האט זיך איצט געמוזט נעמען פאר אזא טעמא, וועלכע ער האט ניט געוואלט בארירען.

ער האט זיך אנגעטאן א כח, האט ביינעקומען אלץ און האט אנגעהויבען די ארבייט.

— איצט שרייב איך ווידער — האט ער מיט פרייד דער־צעהלט — מיר זיינען געראטעוועט!

און זיין פרוי איז געקומען און געזעהען ווי דאס ערשטע ווייטעל פאפיר איז באשריבען מיט ווערטער.

אין א שטונדע ארום איז זי ווידער געקומען, זי האט אבער געזעהן, אז ער ליגט אויפ'ן זאפע און וויינט.

— איך קאן ניט. און ווען מיר זאלען אפילו אוונטערגעהן!

זי האט א ווארט ניט געזאגט און איז ארויס פון צימער, צומאכענדיג די טיר. ער האט דאן די טיר צוגעשלאסען, האט ארויסגענומען פון זיין קופערט א גרינעם לייווענטענעם זעקעל אין וועלכען עס זיינען געווען א סך פארשידענע בויגענס פא־פיר. דאס איז געווען זיין „בית דין של מעלה“, פון וועלכען זיינע פריינד האבען אזוי פיל גערעדט.

עס איז געווען א היסטארישע ארבייט אין וועלכער ער האט פון גאר א נייע שטאנדפונקט באטראכט די וועלטגעשיכטע אלס נאטורוויסענשאפט. א בוך וואס וועט אפשר ווען עס איז ווערען געדרוקט, אבער וואס וועט זיכער קיין געלט ניט אריינ־בריינגען.

ווען ער האט א פאר שטונדען אפגעארבייט האט ער זיך גענומען פילען אומרוהיג, ווי ער פלעגט געוועהנליך פילען ווען ער פלעגט זיין צווייטען „איך“ ניט זעהן א לאנגע צייט. ער איז ארויס צו זעהן וואו זיין פרוי איז.

זי איז געזעסען און געלעזען א בוך. ווען ער איז אריין, האט זי געוואלט דעם בוך באהאלטען. נאך איהר מינע האט ער באמערקט, אז עפעס שרעקליכעס האט פאסירט.

— וואס לייענסטו? האט ער א פרעג געטאן.

„דיין לעצטען בוך“ האט זי געענטפערט מיט א בעזונדערה שטים.

דער בוך איז אלזא געדרוקט! לייען ניט דעם בוך, דו פאר־סמ'סט זיך.

עס איז געווען די אומבארעמהערצינע שילדערונג פון זיין ערשטער הייראט. געשריבען האט ער עס כדי זיך צו פערענטפער־רען, אויך אלס א צואה, ווייל ער האט געוואלט זיך נעמען דעם לעבען, ווען ער האט געענדיגט דעם בוך. יארען־לאנג איז דער בוך געלעגען פאר־חתמ'עט ביי זיינעם א פריינד. ער האט איהם ניט געוואלט לאזען דרוקען. אבער אין פרילינג צוליב נויט און געלט און אויך צוליב דעם וואס אין דער עפענטליכקייט ווי אין די צייטונגען האט מען זעהר פיל און אומגערעכט ווענען איהם גערעדט און באשולדיגט, האט ער דאן דעם בוך אוועקגע־געבען צו א פערלעגער.

און אט איז דער בוך ארויס און אריינגעפאלען אין די הענט אין וועלכע ער האט קיינמאל ניט געדארפט אריינפאלען. ער האט אין אנהויב געוואלט ארויסרייסען פון איהר דעם בוך, נאר ער האט זיך באלד צוריקגעהאלטען.

— אויב עס איז געשעהן, דאן זאל עס געשעהן!

און פאלשטענדיג רוהיג, אזוי ווי ער וואלט געשטאנען און צוגעזעהן זיין אייגענע הינריכטונג, וועלכע מען האט ניט גע־קאנט אויסמיידען, איז ער ארויס פון צימער.

ביים מיטאג־עסען האט ער באמערקט די ענדערונג וואס איז פארגעקומען מיט זיין פרוי. א נייער אויסדרוק פון געזיכט, וואס איז פריהער גאר ניט געווען. זי האט איהם אזוי פאר־שענדיג אנגעקוקט, ווי זי וואלט וועלען פארגלייכען איהם מיט דעם מאן, וואס קומט פאר אין בוך. אז זיינע ליידען וועלען ביי איהר קיין רחמנות צו איהם ניט ארויסרופען, דאס האט ער פארשטאנען, ווייל א פרוי וועט שטענדיג האלטען מיט פרויען. וואס ער האט אבער ניט געקאנט אויסרעכענען, איז געווען דאס, וואס זי האט זיך געוויסער מאסען צוגעפאסט צו דער פריהער־דיגער פרוי. עס איז ביי זיי געווען געוויסע פראגען, וועלכע זיי

האבען אינסטינקטיוו אויסגעמיטען: דאס איז געווען די פרויען־פראגע. פון דעם בוך האט זי אבער זיך דערוואוסט די מיינונג, וואס איהר מאן האט איבער די פרויען. און ער האט עס טאקע זעהר אפען דארט ארויסגעזאגט. דאס האט איהר טיף באַליידיגט.

זי האט א ווארט ניט גערעדט. ער האט אבער געלעזען אויף איהר געזיכט, אז ערשט איז שוין אויס מיט'ן פרידען, אז די פרוי וועט ניט רוהען ביז זי וועט זיין ערע ניט פארניכטען און דערקירצען איהם זיין לעבען. ער אבער האט זיך געהאט זיין ווערטל: „ער איז גרייט אויף אלץ". כל זמן עס איז מעגליך, וועט ער אלעס אריבערטראגען; און אויב ניט, וועט ער זיך געהן זיין וועג. דאן אבער וועט זי פון איינזאמקייט זיך אליין אויפעסען. ווארום זי וועט מעהר ניט האבען קיין שפייז פאר איהר האס.

אויף מארגען האט זי אויסגעשאסען. מיט א מינע וואס האט בעזאלט זיין אומשולדיג, אבער וואס עס איז ניט געווען, האט זי איהם געזאגט: אז היות ווי ער קאן איצט ניט ארבייטען, מוזען זיי לעבען עקאנאמישער.

זיי דארפען ניט קיין צוויי צימערן: מען קאן אויסקומען מיט איינעם. דאס האט געהייסען: אין גאנצען פארלירען די מעגליכקייט צו זיין א ווייל'ע אליין; און האבען שטענדיג פאר די אויגען זיין בייזען שאטען און איבערהויפט גאר שוין ניט קאנען ארבייטען איבער'ן „בית דין של מעלה".

דו קאנסט דאך סאי־ווי־סאי ניט ארבייטען! — האט זי באמערקט.

ווען עס איז געקומען די צייט פון מיטאג עסען, האט מען איהם געגעבען א טעלער מיט קאלטען בראטען און א שטיקעל ברויט.

ירו האסט דאך פיינט סופ — האט זי געזאגט — און ביי דער היץ איז ווארעמע איבערהויפט ניט גוט.

זיהאט זיך אוועקגעזעצט און גענומען איהם בעטראכטען..

— נו, און דו ווילסט גאר ניט עסען? — האט ער געפרעגט

ניין! איך בין ניט הונגעריג — האט זי געענטפערט און ניט אראפגענומען פון איהם די אויגען.

ער איז אויפגעשטאנען, א חאפ געטאן זיין הוט און איז ארויס פון הויז.

— „ווילסטו זיך דורכגעהן?“ — האט זי א פרעג געטאן — „געה איך אויך מיט. עס וועט זיין פרעליכער“.

ער איז געגאנגען פאראויס, זי נאך איהם. כדי איהר צו מאטערן, איז ער געגאנגען אויף דער זוניגער זייט ביי ווייסע ווענט, וואו די היץ איז געווען שרעקליך גרויס און די ליכט האט געשניטען אין די אויגען. ער האט איהר נאכהער מיט זיך נאכגעשלעפט אין צעלזיא, וואו עס זיינען גאר קיין הייזער ניט געווען און קיין שאטען אויך ניט.

זי איז איהם נאכגעגאנגען ווי א בייזער גייסט.

ווען זיי זיינען געגאנגען צום טייך, האט ער א מינוט א טראכט געטאן איהר אריינצואווארפען אין וואסער. ער האט עס אבער ניט געטאן. ער איז ארונטער צום ברעג, וואו מען האט קאלך געלאשען. עס איז געווען פול מיט רויך און אנגע־ווארפען אויפ׳ן וועג. ער האט געהאפט, דאס זי וועט פאלען און זיך צושלאגען, אדער די ברעג־ארבייטער וועלען איהר שטר־פען. ער האט איהר געוואונשען אז א טרעמפ זאל איהר ארומ־נעמען און א קוש טאן, אזוי גרויס איז געווען זיין האס.

אומזיסט איז ער געגאנגען איבער פעסלאך און טאצקעס. ער האט געוואלט אין טייך אריינשפרינגען און אריבערשווימען צום אנדערען ברעג. ער האט זיך אבער אפגעהאלטען: טאמער

קאן זי אויך שווימען, וועט זי איהם דארטען אויך נאכפאלגען.

ענדליך האט ער זיך פארנומען אין א זייט צום וועסטמינ־סטער. די הינטערגאסען זיינען געווען פול מיט פערשידענע גע־שטאלטען, וועלכע מען זעהט אלע מאל אין שרעקליכע חלומות. ער איז אריין אין קירך. זי איז אויך אריין שטיל און ניט מיד..

ערשט איצט האט ער, ווילענדיג אדער ניט ווילענדיג, גע־מוזט געהן אהיים. ווען ער איז אריין אין צימער, האט זי גענומען א שטול און זיך אוועקגעזעצט אנטקעגען איהם.

דא האט ער פערשטאנען, ווי אזוי א מענש קען ווערען א מערדער; און ער האט באשלאסען צו אנטלויפען, אזוי גיך ווי ער וועט האבען געלט פאר דעם.

די נאכט איז געקומען; און ער האט געמיינט, אז איצט וועט ער שוין קאנען זיך צוזאמענעמען און ווערען א האר איבער זיך אליין.

זי האט זיך געמאכט שלאפענדיג. ער האט עס פארשטאנען נאך איהר אטעמען.

„דו שלאפסט ניט? — האט זי געפרעגט.

ער איז געווען קלוג גענוג צו זאגען „ניין“. און אזוי זיינען זיי געלעגען און געווארט, ווער עס וועט פריהער איינשלאפען. ענדליך איז ער איינגעשלאפען.

אין מיטען נאכט האט ער זיך אויפגעכאפט און נאך איהר אטעמען האט ער פארשטאנען, דאס זי שלאפט.

אפילו אין דער פינסטערניש האט ער געפילט דעם פארגע־ניגען צו טראכטען און עס זאלען איהם ניט נאכקומען איהרע צוויי בייזע אויגען.

זי האט אבער ניט געשלאפען; און ער האט באלד ווי פריי־הער, געהערט איהר שטים:

„דו שלאפסט?“

ער האט געפילט דעם וואמפיר, וואס האט זיך ארייגגע־זויגען אין זיין נשמה, וואס האט זיינע גדאנקען אפילו געהיט. צו וואס וואלט זי דען איהם אזוי שפיאנעווען, ווען זי וואלט ניט מורא האבען פאר דער ארבייט פון זיינע געדאנקען? זי האט אפשר געפילט ווי ער איז דא געלעגען און געזוכט זיך ארויסצופלאנטערן פון איהר נעץ. ער האט נאר אויף דעם באַ־דארפט האבען א פאר שעה רוה. און דאס האט זי איהם ניט געוואלט געבען. זי איז אליין ניט געשלאפען אבי איהם צו פייניגען. זי האט זיך ניט ערלויבט דעם פארגעניגען פון געהן אין שטאדט זעהן די ביבליאטעק, דעם מוזעאום, אבי איהם ניט צו לאזען אליין.

* * *

אויף מארגען האט ער איהר געפרעגט: צו זי וועט ווייטער זיינע ארבייטען איבערזעצען? אז ניט וועט ער זיך צוריק אומ־קערען צו זיינע אלטע איבערזעצער.

„איך זאל דיר איבערזעצען?“ — האט זי מיט א פאר־אכטונג געענטפערט. — אויב שוין יא איבערזעצען קאן איך געפינען פיעל בעסערע דיכטער“.

— פארוואס ווילסטו ניט בעסער מיינע ווערק איבערזעצען איידער דיינע שלעכטע שרייבער?

דו דארפסט איינמאל פאר אלע מאל געדענקען — האט זי אויסגעשאסען — אז דיר האט מען אויפגעבלאזען און דיר שטעהט פאר א שרעקליכע ענטוישונג, ווען דו וועסט זיך אויפ־כאפען פון חלום פון דיין איינגערעדטע גרויסקייט.

זי האט עס גערעדט מיט אזא טאן ווי זי וואלט אם ווייניג־סטען האבען הינטער זיך די גאנצע עפענטליכע מיינונג פון איירא‍פא.

אויף איהם האט עס געמאכט א געוויסען איינדרוק; ווארום א ריכטער, אויב ער איז אפילו אנערקענט, איז גאר ניט, ווען די ארומיגע אכטען ניט זיין טאלאנט. איצט האט ער געפילט ווי דער בונד האט זיך איבערגעריסען. זי האט זיינע ווערק געהאסט און צו גארנישט געמאכט. פאר איהם זיינען זיי געווען זיין לעבענסמיטעל. און ווען זי האט ביי איהם זיין מוט און צוטרוי צוגענומען איז זי געווארען א שונא: און געגען א שונא זיינען דא צוויי מיטלען: ענטוועדער איהם טויטען, אדער זיך מיט איהם ניט ארייגלאזען אין קיינע מלחמות און זיך געהן דעם אייגענעם וועג ווייטער. ער האט זיך באשלאסען דאס לעצטע צו טאן.

נאך א פאר טעג האט ער געמוזט אויסהאלטען ביז די געלט איז אנגעקומען. אבער אויך די פאר טעג זיינען געווען גענוג זיין עקעל נאך גרעסער צו מאכען. אזא קאלטע, אויסגערעכענטע בייזקייט האט זי ארויסגעוויזען, אזא הנאה פלעגט זי האבען ווען זי פלעגט איהם קאנען וואס אפטאן. ער האט נאך אמאל געזעהן אלע קליינליכקייטען און פאלשקייטען פון א פרוי; און דעם מאל אין א גרעסערען פארמאט. זי האט געוואוסט, אז ער קאן ניט אפפארען, ווייל ער האט קיין עלט ניט; און זי האט איהם געגעבען צו פערשטעהן, אז ער איז איהרער א געפאנגענער. דאס איז ער אבער באמת ניט געווען.

זיין צימער האט אויסגעזעהן ווי א שטאל און דער עסען איז געווען אזוי צוגעגרייט, אז מען האט עס אין מויל ניט געקאנט נעמען. אין דער אומארדענונג און שמוץ האט ער זיך געפיהלט ווי אין גיהנום: און מיט הארצקלעמעניש פלעגט ער זיך דערמאנען אז זיין קליין צימערל אויפ'ן בוידעם, אין וועלכען עס

איז שטענדיג געווען אין ארדנונג, אפילו דאן ווען ער האט קיין געלט ניט געהאט.

נור צוויי חדשים זיינען אוועק זינט זייער חתונה, און דער שמייכעל איז פערשוואונדען געווארען. זיי האבען כמעט ווי אויפגעהערט צו ריידען צווישען זיך. די ליבע האט זיך פערוואנדעלט אין האס; און ער האט אנגעהויבען איהר צו געפינען פאר העסליך.

אין דעם לעצטען טאג האט ער געמוזט זיך דורכריידען, כדי ניט צו פלאצען:

"דו ביזט געווען שיין, ווען איך האב דיך ליב געהאט. אפשר האט דיר מיין ליבע שיין געמאכט; איצט ביסטו די מאוס'טע פערזאן, וואס איך האב ווען עס איז אויף מיין לעבען באגעגענט. —

אויף דעם האט זי געענטפערט:

"איך וויים, אז איך בין נאך צו קיין מענשען ניט אזוי שלעכט געווען, ווי צו דיר; און פארוואס, וויים איך אליין ניט".

איך וויים, האט ער געענטפערט. דו האסט מיך פיינט, ווייל איך בין א מאן און דערצו נאך דיין מאן.

ער האט פארפאקט זיין טשעמאדאן, און איז געווען פארטיג.

איהר גאנצע שינאה איז מיט אמאל אוועק, ווען עס איז אזוי נאהענט געקומען צום שיידען זיך. און זי האט נאך דערצו געמיינט אז ער פארט אוועק אויף אייביג. די ליבע האט ווידער זיך באוויזען.

איצט איז צו איהר צערטליכקייט און זארג גאר קיין גרענעץ ניט געווען. זיי האבען גערעדט פון דער צוקונפט אזוי ווי זיי וואלטען זיך באלד ווייטער זעהן. זי האט איהם געגעבען גוטע, הארצליכע עצות. זי האט פאר ליבע אנגענומען דאס, וואס איז געקומען ווייל זיי דארפען זיך ערשט שיידען.

ווען זיי זיינען געפארען צום וואקזאל אין א אפענע קא־רעטע, האט זי אין מיטען העלען טאג ניט אויפגעהערט איהם צו קושען. די פארבייגעהער האבען געלאכט. און ווען די פא־ליציי האט אויך גענומען קוקען קרום אויף די קושעניש, האט ער איהר אפגעהאלטען.

— זיי פארזיכטיג. דא אין לאנד קאן מען פאר אזא האל־טונג נאך אין טורמע אריינפאלען. —

— וואס ארט דאס דיך? איך האב דיר אזוי ליב!

און ער האט איהר ווידער געפונען פאר שיין אין איהר צערטליכקייט: און זיי האבען שוין געוואלט אין א וואך ארום זיך ווידער טרעפען. זיין פלאן איז געווען צו קומען אויף דעם אינזעל ריגען און טרעפען זיך דארט מיט זיין פריינד אילמאריז, וועלכער זאל איהם העלפען איינארדענען די געשעפטען: דאן וועט ער דינגען א וואנונג, און זי זאל גלייך, אדער שפעטסטענס אין פערצעהן טעג ארום קומען.

— זעהסטו, אז מען דארף זיך ניט פארלאזען אויף דעם האס!

ניין אבער אויף די ליבע!

עס זעהט אויס אז זי האט געזיגט! דער זעגנען זיך איז געווען א רירענדער, און אז ער איז געבליבען אליין אין וואגגאן, האט ער נאך געפילט דעם שמערץ פון זיין אליין... די פרייהייט פון וועלכער ער האט אזוי פיל גע'חלום'ט אין די לעצטע צייט איז גאר ווי פערשוואונדען. אז איהר האס און בייזקייט האט ער זיך גאר ניט געקאנט דערמאנען.. זיי זיינען נעלם געווארען.

V.

ער איז פון לאנדאן געפארען אין האמבורג. דארט האט ער געהאפט צו טרעפען פריינד, וואס וועלען איהם העלפען ער

זאָל קאָנען קומען ביז רינגן. עס איז אָבער אַלץ געווען ווי פאַר־כש.־ט. קיינער איזניט געווען אין שטאָדט. ווער עס האָט זיך געפונען אין דאָרף און ווער עס איז אַזוי זיך אפגעפארען. ער האָט געמוזט געהן אין א האָטעל און פון דאָרט טעלעגראַ־פירען צו זיין פריינד אילמארין. יענער האָט געענטפערט, אַז ער האָט קיין געלט ניט. דיזעלבע ענטפערס האָט ער בעקראָגען פון קאָפענהאָגען און פון קריסטיאַנא.

ער האָט זיך געפילט ווי אין א פאַסטקע געפאַנגען. מיט א יאָהר פריהער איז אין האַמבורג געווען די כאָלערע, און ביי דער היץ האָט מען זי דעם יאָהר אויך ערוואַרט. אויב ער זאָל באַלד ניט קאָנען אפפאָרען, קאָן ער ערוואַרטען, ניט דעם טויט, — צו דעם איז ער געווען גלייכגילטיג — נאָר די קאַראַנטין.

די טעג האָבען זיך שרעקליך לאַנג געצויגען. ער האָט קיינעם ניט געהאַט א וואָרט ארויסצורייִדען ; און אין דער לופט האָט זיך געטראָגען די געפאַר פון כאָלערע. דערצו איז ער געווען אונטער דעם איינדרוק, אַז אימיצער אַן אומבעקאַנ־טער, שטעהט איהם אין וועג און סטראַשעט איהם. ער האָט זיך פון דעם געפילט אַזוי געבראָכען, אַז ער האָט מורא געהאַט מיט א פינגער א רירצו טאָן אום עפּעס זיין לאַגע צו ענדערן. טאָמער וועט זיך איהם ווידער ניט איינגעבען. און ווידער וועט ער האָבען ענטוישטע האָפענונגען.

כדי די צייט צו פערטרייבען האָט ער געשריבען היסטאָ־רישע טאַבעלען. ער האָט געשריבען ציפערן פון אין דערפריה ביז ביי ־ נאַכט. און דאָך זיינען די טעג געווען זעהר לאַנג; און נאָך פיער אַזוינע טעג האָט ער זיך איינגערעדט, אַז ער וועט קיינמאָל פון דער שטאָדט, וואו עס ווערט אַלץ געקויפט און פארקויפט ניט קאָנען ארויס. דער געדאַנק איז פאַר איהם געוואָרען אַזוי קלאָר, דאַ סוער האָט געפילט, אַז ער דאַרף דאַ

זיין לעבענלאנג פארבלייבען. ער האט גענומען און אויסגע־פאקט זיינע זאכען, אויפגעפוצט דעם שרייב־טיש מיט די בילדער פון זיינע קינדער און נאך פון אנדערע.

די איינזאמקייט און די ליידען האבען די צייט נאך לייני־גער געמאכט. און ער האט זיך פארגעשטעלט אז ער איז נאר א האמבורגער. פאר אן אויגענבליק האט ער פארגעסען זיין פאר־גאנגענהייט, אז ער איז געווען פארהייראט, אז ער האט אנ־דערשוואו געלעבט. ער האט זיך באטראכט ווי א געפאנגענער, ניט וויסענדיג וואס פאר א פארברעכען ער האט אפגעטאן, ווער עס האט איהם פאר־משפט, ווער איז זיין שומר איצט. אבער דער שווארצער שאטען פון דער כאלערע האט איהם ניט געלאזט רוהען; און דריי מאל א טאג פלעגט ער ביי דעם דיענער פרעגען וואו האלט עס? און פלעגט קריגען דריי מאל דעם זעלבען ענט־פער: — זיכער איז מען ניט !

ענדליך איז געקומען א בריף פון זיין פרוי. זי האט זיך געקלאגט אויף'ן אומעט און איז געווען אומרוהיג, ווייל זי האט ניט געוואוסט וואס מיט איהם איז. ער האט איהר גלייך געענטפערט אין זעלבען טאג, פול מיט ליבע. און געקריצט מיט די ציין אויף'ן שיקזאל וואס האט זיי צושיידט.

אויף מארגען ד. ה. אויפ'ן פינפטען טאג, האט ער געלעזען אין צייטונג, אז זיינער א דענישער פריינד פון קאפע וואנט א האלבע שטונדע רייזע פון האמבורג..

ווען ער וואלט פריהער געוואוסט, וואלט ער ניט באַ־דארפט אזוי פיל צרות אויסשטעהן. ערשט אז ער האט ניט געקאנט באצאלען אין האטעל, האט ער באשלאסען גלייך צו פארען צום פריינד און מעהר זיך ניט אומקערען אהער. ער וועט לייהען געלט ביים פריינד, וועט אבשיקען אין האטעל און ארויספאדערען די זאכען.

מיט אזא געפיל ווי איינער וואס ווערט פריי פון א גע־פענגניש, האט ער זיך געזעצט אין צוג צו פארען צו זיין פריינד. מיט רחמנות האט ער געקוקט אויף האמבורג, ווענען ער האט אלץ מוחל געווען וואס ער האט איבערגעלעבט; און ביי זיך בא־שלאסען, אז נאר דער נויט קאן איהם צווינגען נאכאמאל אהער צו קומען.

די האלבע שעה רייזע האט איהם אפגעפרישט; און ער האט זיך שוין ניט געקאנט דערוואַרטען ביז ער וועט קאנען זיין גאנצען כעס אויסגיסען. ער האט זיך פארגענומען אלעם אין א לעבערליכע פארמע פארצושטעלען. ער איז ווידער געווארען מוטיג און האט זיך באטראכט פאר דעם גליקליכסטען, ווען ער האט געקאנט דא אזוי אונערווארטעט געפינען א פריינד.

ער האט זיך אפגעשטעלט פאר דעם קליינעם גאסטהויז. דער בעל הבית איז געשטאנען אין טיר. ער האט איהם באגריסט און געפרעגט, אויב הער עקס איז אין דער היים.

„ניין, ער איז היינט אפגעפארען".

„וואוהין?"

„אין דענעמארק".

אין די דריי שטונדען וואס ער האט באדארפט ווארטען אויפ'ן באן, האט ער זיך אביסעל בארוהיגט נאך דעם קלאפ. און זיצענדיג אין צוג, האט ער געטראכט:

— גאר גלאט איז עס ניט. עס איז ניט נאטירליך. און דאך ליגט עפעס אזא שווארצער כח!

באלד האט זיך האמבורג באוויזען; און זיין האס האט זיך פון דאסניי אויפגעוועקט און האט דערגרייכט ביז'ן העכסטען גראד, ווען ער האט דערזעהן אויפ'ן סטאנציע אן אמבולאנס. נו ערשט איז שוין דא די כאלערע און 14 טעג קאראנטין!

די כאלערע איז ניט געקומען. דאס איז שוין אויך געווען א גליק. ער איז אבער געווען זיכער, אז זי וועט אויסברעכען אין דעמזעלבען טאג, ווען זיין געלט וועט קומען. אויך האט ער אויסגערעכענט, אז ער וועט קיינמאל ניט ארויס פריי פון האמבורג. און אט פארוואס: עס וועט אזוי לאנג נעמען, ביז יי געלט וועט אנקומען, אז ער וועט דארפען דאס גאנצע געלט עצאלען אין האטעל און עס וועט ניט בלייבען מיט וואס א ילעט צו קויפען: און ביז נאך געלט וועט קומען, וועט ווייטער יין דאסזעלבע. קורץ אזוי וועט עס געהן ביז צום ענד.

דאס ער האט קיין טעות ניט געהאט אין רעכנונג, וועיזט פאלגענדעס: מיט צוויי טעג שפעטער האט ער באקומען געלט. ער האט באצאלט די רעכנונג און איז מיט א דראשקע גע־פארען צום סטאנציע. דארט האט ער באדארפט דעם קוטשער באצאלען און דעם קעלנער, וואס איז מיט איהם מיטגעפארען און וואס האט איהם באזונדער געגעבען א רעכנונג. קורץ, ווען עס איז געקומען צו קויפען א בילעט, האבען איהם אויסגע־פעלט צוויי מארק; און ער האט זיך געמוזט אומקערען אין האטעל צוריק.

דערצעלען די לעזער וואס דער מאן האט אויסגעליטען, איז ניט נויטיג. מען קאן זיך פארשטעלען. עס האט אבער גענומען נאך א פאר טעג, און ער איז פארט געווארען פריי, איידער די כאלערע האט נאך אויסגעבראכען.

VI.

געפארען איז ער נאך ריגען מיט דער אפזיכט צו זיין אביסעל אין דער געזעלשאפט פון מענער, אבשאקלען די ווירקונג פון דער פרוי און מיט אילמארינען זעהן איינארדענען אביסעל זיינע געשעפטען. די הויפטזאך איז אבער געווען זיך דורכ־

ריידעו: און טאקע דערפאר האט ער געמיינט אז דער שלים־מזל אדער רופט עם ווי איהר ווילט, האט איהם דעם שפיצעל אפגעטאן און געהאלטען איהם אין האמבורג, ווארום אט דער ש.ים־מזל וויים שטענדיג פאראויס וואס ער וויל, און ער מאכט עם זיינע פערלאנגען צו גארנישט.

אין ריגען איז ער געקומען ערוואַרטענדיג, אז א האלבע נאכט נאכאנאנד וועלען זיי אויסלייגען אלץ וואס עם ליגט אויפ׳ן הארצען. ער האט אבער געפונען אילמארינען אזוי פערענדערט, קאלט אין א פערלעגענהייט. אילמארין האט געהערט, אז זיין פריינד האט חתונה געהאט מיט א פרוי פון א רייכער פאמיליע (און אזוי איז טאקע די מעשה געווען) און דאריבער האט ער ניט געקאנט פארשטעהן זיין איצטיגע לאגע. ווען דער גאסט האט געפרעגט, צי אילמארין וועט מיט איהם געהן אבענטברויט עסען, האט זיך אילמארין ענטשולדיגט: ער איז איינגעלאדען צו א פאמיליען יום־טוב.

„איך וואהן צוזאמען מיט לאיסעם ערשטען פריינד, דעם שוועד, וועלכער איז אין איהר געווען פארליבט.

— איז דער דא ? —

—„יא, ער וואהנט דא זייט לאים האט זיך פארלאבט מיט, רוסען, וואס האט איבערגעלאזען אין דער היים א ווייב און א קינד“.

— איז דער אויך דא ? ער האסט מיר אודאי ?

— יא, דעם אמת געזאגט, דיין זיין דא וועט איהם פאר־שאפען קריינקונג“.

דעם ערשטען אבענט איז ער געבליבען אליין. נאך אזא לאנגער איינזאמקייט, אין וועלכער ער האט פארבראכט מיט א פרוי און נאכהער גאר אליין.

ער איז געווען אונטער דעם איינדרוק, אז ער איז א פאר־

שאלטענער מענש. דעם אומבעדייטענדען, אומגעבילדעטען איל־
מארין האט ער פון א גארניט פאר א מענשען געמאכט און
אריינגעבראכט איהם אין זיינע קרייזען, איהם געגעבען עסען
און טרינקען, איהם באקליידעט און געזארגט פאר איהם דערפאר
וואס האט מיט די טעאטערע און ארויסגעבער פערהאנדעלט
ער האט דאס איהם איבערגעגעבען, ווייל ערשטענס איז עס
געווען א כבוד פאר דעם יונגען מאן, וואס האט אליין גע־
וואלט ווערען א ש. ייבער. און צווייטענס האט ער אויך זיינע
ארבייטען געקאנט פארקויפען. איצט האט ער פארלאזען זיין
לערען, ווייל ער האט געמיינט, אז ער קאן שוין פון איהם מעהר
גאר קיין נוצען ניט האבען: און פיליייכט האט ער געמיינט
אז ער וועט שוין איצטער אליין קאנען אויסקומען.

ער האט זיך אזוי שרעקליך געפילט די טעג, אז ער האט
ווידער געטראכט, דאס גאר גלאט איז עס ניט, נאר א שווארצע
האנט קירעוועט זיין שיקזאל.

אין יענעם באדע־פלאץ איז נאר איין רעסטראן געווען:
און דערפאר האט ער געמוזט זיצען ביי איין טיש מיט דעם
שוועד וועלכער האט איהם ניט געקאנט פארגעבען, וואס ער האט
פארלארען לאיסען; און מיט אילמארינען וואס האט געהאט אזא
קאלטען טאן ווייל ער האט איהם, זיין אלטען פריינד, געהאלטען
פאר פערלארען.

דערצו האט מען נאך דערלאנגט אזא שלעכטען עסען, אז
מען איז אויפגעשטאנען פון טיש הונגעריג; און ער איז געווען
הונגעריג דעם גאנצען טאג. אלץ איז דארט געווען געפאלשעד־
וועט: די ביר און דאס עסען; און ווען מען זאל נאך צוגעבען די
בייזע בליקען, וועלכע דער שוועד פלעגט אויף איהם ווארפען,
קאן מען זיך פארשטעלען, אז קיין גרויסע נחת ביים טיש האט
ער ניט געהאט.

* * *

ער איז אין ריגען אפגעוועזען א וואך און האט פון דער פרוי א ווארט ניט געהערט. דער לעבען אויפ'ן אינזעל, אין גענענ־זאץ צו דעם האמבורגער לעבען, האט איהם אין אנהויב אויס־געוויזען נישקשה'דיג. אבער איין טאג ווען ער האט זיך אויפ־געכאפט און באטראכט זיין לאגע, האט זיך ארויסגעוויזען, אז זי איז באלד אזוי גוט ווי אין האמבורג.

ער האט געהאט א צימער אויפ'ן בוידעם. דער באלטען איז געווען איבער'ן קאפ. די זון פלעגט אנברענען דעם בלע־כענעם דאך און עס פלעגט זיין דארט דערשטיקט צו ווערען פון היץ. מיט זעכצען יאהר צוריק האט ער זיין צימער אויפ'ן פינפטען שטאק פארלאזען צו געהן חתונה האבען און וואהנען אין א הויז ווי א פערהייראטער מאן. זינט דאן פלעגט ער זיך אפט שרעקען, ער זאל ניט דארפען ווידער קריכען די פינף טרעפ און וואנען אויפ'ן ביידעם אין אן איינזאמען, שמו־ציגען צימער פון א אונפערהייראטען מאן. און איצט איז ער ווידער אין א צימער אליין, כאטש ער איז פערהייראט. עס האט אויסגעזעהן ווי מען וואלט איהם שטראפען, כאטש ער ווייס ניט דעם פארברעכען וואס ער האט אפגעטאן.

די גאנצע געגענד וואו זיי האבען געוואהנט איז באשטאנען פון בלאסע ווייסע זאמד, וואס איז איצט אזוי אנגעברענט גע־ווען פון דער הייסער זון, אז ביי־נאכט אפילו פלעגט ער זיך ניט אבקילען.

ער האט זיך דערמאנט אן די הייסע זעקלאך זאמד, וועלכע די פויערים לייגען צו צו לונגענאנטציגדונג. און טראכטענדיג אזוי האט ער זיך דערמאנט אן א בילד אין דאנטעס גיהנום וואו די גאטלעסטערער ווערען געשטראפט דערמיט, וואס מען ציהט זיי אוים אויף זודיגע זאמד. אזוי אבער ווי ער האט קיין

נאָט ניט געהאַט, האָט ער געמיינט, אַז זיינע לעסטערונגען דאַר־פֿען ניט באַשטראָפֿט ווערען.

נאָכדעם ווי ער האָט אַ גאַנצע וואָך אַרומגעשלעפּט זיך איבער'ן טיפען זאַמד. האָט ער גענומען פילען גיהנום־פּייני־גונג: מאַכען אַ טריט פאָראויס און אַ האַלבען טריט צוריק. מוזען אויפהייבען די פיס אויף אַ שפּאַן, כדי צו קאָנען זיך אַ ריהר טאָן; און נאָך ערגער דאָס געפיל, אַז דו זינקסט אין דער ערד, ווי אַ מיידעל, וואָס קריכט אַריין אין ברויט־טייג. ניט צו געפינען קיין נאַטוראַל קיין פעסטען פּונקט, ניט צו דאַרפען אַרום־לויפען פריי, נאָר זיך דאַרפען אַרומשלעפען ווי אַן אַלטער מאַן — דאָס איז געווען אַן אמת'ער גיהנום.

דערצו איז שוין די לופט געשטאַנען אַ היץ, וואָס איז גאָר ניט געוואָרען קלענער. אין זיין צימער פלעגט די זון ברענען ביי־טאָג און ביי־נאַכט. ווען ער פלעגט ליגען אין בעט, פלעגט ברענען דער דאַך.

דער נאָהענטער ים האָט געדאַרפט אָפּשוואַכען די היץ. אָבער דאָס, ווי אַ פולע אַנדערע זאַכען, איז געווען ניט מעהר ווי אַ פאַנטאַזיע. אין דער יוגענד, ווען ער פלעגט זיך באָדען פלעגט ער צוערשט מיט'ן קאָפּ אַריינגנורען אין וואַסער, ווייל לאַנגזאַם אַריינקריכען האָט ער ניט געקאָנט. דאָ פלעגט זיך איהם פאַרשטעלען אַ שרעקליכער חלום: עס איז הייס און ער נעהט זיך באָדען אין ים, דער ים איז אָבער דאָ אַזוי פלאַך, אַז ער קאָן ניט אַריינשפּרינגען. און ווען ער נעהט שוין יאָ אַריין אין וואַסער, איז דאָס וואַסער נאָך אַלץ אַזוי פלאַך, דאָס ער קאָן דעם קאָפּ ניט אָפּטונקען. פּונקט אַזוי איז געווען דער פּלאַץ וואו מען פלעגט זיך באָדען.

— ביז איך דען אהער געקומען, כדי מיינע בייזע חלומות זאָלען מקוים ווערען? — האָט ער זיך געטראַכט.

און ער האט געהאט רעכט! אילמארין האט וואס ווייטער, געקראגען אלץ מעהר חוצפה. ער פלעגט איהם שטענדיג פרע־גען: ווען קומט זיין ווייב? און ווען פערצען טעג זיינען פאר־ביי און זי איז ניט געקומען, האט ער גערייזט, דאס זי האט איהם פערלאזען. דאס האט זעהר געפרייט לאיסעם פריינד. און דער גיהנום איז געווען פארפול. און באמת איז דאך געווען עפעס בעליידיגענדעס אין זיין ראלע פון א פארלאזענעם מאן.

די באציהונגען מיט ענגלאנד האבען אנגענומען א מורא'־דיגען כאראקטער: און ער האט אליין ניט געוואוסט צו ער איז פערהייראט אדער גע־גט.

אין איין בריף האט זי גערעדט פון ניט קיין אויסגעלאשענע ליבע, פון די ליידען וואס זי טראגט איבער, ווייל זיי זיינען ניט צוזאמען, אז זי איז א מארטירערין פון אומעט און אז זי וואלט געקאנט שווימען, וואלט זי זיך אוועקגעלאזען צו איהם שווימען, ניט מורא האבענדיג אפילו דאס זי וועט דער־שווימען אויף זיין אינזעל א טוידטע.

אין א צווייטען בריף דערצעהלט זיך: זי וויל אין לאנדאן א טעאטער עפענען און זוכט א קאפיטאל; און דערווייל האט זי אפילו קיין געלט אויף א בילעט ניט געקאנט קריגען.

אין א דריטען בריף דערצעלט זי, אז זי איז קראנק; און זי איז פול מיט טענות צו איהם פארוואס ער האט פערלאזען זיין קראנקע פרוי אין א פרעמד לאנד. (אז זי אליין איז רייך, דערמאנט זי גאר ניט).

אין א פערטען בריף איז זי גאר אין קלויסטער ביי ענג־לישע ליידיס, וואו זי האט זיך אויסגעהאדעוועט און האט ווי־דער איהר יוגענד געפונען; און שילט די בייזקייט פון דער וועלט און דעם גיהנום פון פערהייראטען לעבען.

רוהיג ענטפערן אויף די בריף איז געווען אוממעגליך. זי האט געשאטען מיט בריף און ענטפערס פלעגט זי אויסמיידען. האט ער געשיקט א צארטען בריף, האט ער געקראגען א בייזען ענטפער אויף א פריהערדיגען שארפען בריף און אזוי פארקערט. עס זיינען ארוים משוגענע פלאנטערס; און ווען ער האט איבערגעריסען דעם סארט קארעספאנדענץ, האט זי אנגעהייבען איהם פארווארפען מיט טעלעגראמעס.

א חודש האט געדויערט דער משוגענער שפיל. אין פערלויף פונדער צייט האט ער מיט בענקעניש זיך דערמאנט אן די האמבורגער טעג: אין פערגלייך מיט די טעג, וועלכע ער לעבט איצט דורך, זיינען יענע שוין געווען ליבע און זיסע.

ענדליך איז ער פון דער תליה געראטעוועט געווארען. עס איז אנגעקומען א בריף פון זיין שוועגעריז, אין וועלכען עס איז געווען א איינלאדונג צו קומען אויף דעם פאטערס דאטשע אין ארדענזע. זיין פרוי אין לאנדאן האט אויך אזא איינלאדונג באקומען.

דארט אלזא וועלען זיי זיך ווידער זעהן!

גערייט אויף אלעם, אפילו אויף דאס ערגסטע, איז ער אוועק אויפ'ן נייעם וועג. נאכדעם ווי ער איז געווען א מאן און א פאטער זאל ער ווידער א קינד ווערען, זיך אן א נייע פאמיליע אנשליסען, קריגען א פאטער און מוטער, וועלכע ער האט שוין זעהר לאנגפערלארען! נאך מעהר פארפלאנטערט איז די לאגע געווארען דערמיט, וואס דער שווער און שוויגער זיינען זייט זיבען יאהר ניט געווען צוזאמען, און ערשט צוליב דער טאכטערס חתונה וועלען זיי זיך צוזאמענפארען, און אזוי ווי די טאכטער, זיין פרוי, איז אויך געווען פאנאנדערגעגאנגען מיט'ן פאטער, האט דער קומען בעדארפט זיי אלעמען פאראייניגען.

פון זיינע ערפארונגען האט ער געוואוסט, אז עס איז ניטא וואס צו גלויבען אין אזוינע פאראייניגונגען: א חוץ דעם זיינען זיינע פאפירען געווען ניט גאר ריין, און דאריבער איז די אי־דעלע ביי די שוויגערעלטערן אין ארעסקאווזעע געשטאנען איהם ווי א ביין אין האלז. און טאקע ווי זאל ער ערקלערען זיין פארנאדרעפארען זיך מיט זייער טאכטער אין אכט וואכען נאך דער חתונה ? זאגען, אז דאס איז געשען צוליב מאטעריע־לע אומשטענדען, טויג ניט, ווארום אן איידעם אין שלעכטע אומשטענדען איז ענטוועדער א באטריגער אדער א ירושה־כאפער.

וואס נעהענטער ער איז געקומען צום ציל, אלץ נערוועזער איז ער געווארען. אבער אין לעצטען אויגענבליק האט ער גע־פאסט מוט און זיך געשטעלט אויפ'ן שטאנדפונקט פון א שריי־בער : אויב דאס וועט מיר קיין כבוד ניט פערשאפען, וועל איך כאטש האבען א נייעם קאפיטעל אין מיין ראמאן !

ער האט די לאגע בעטראכט אויך פון אן אנדער שטאנד־פונקט, נעמליך פון א אומשולדיגען מארטירער: איך וועל זעהן צו וואס מיין שלים־מזל קאן מיר ברייננגען, און וויפיל איך קאן אריבערטראגען !

ווען דער צוג האט זיך אפגעשטעלט אויף דער עלעגאנטער סטאנציע, האט ער גאנץ נאטירליך זיך ארומגעקוקט: צי מען זוכט איהם ניט. א יונגע דאמע מיט א קינד זיינען צו איהם צוגעגאנגען און געפרעגט זיין נאמען. זי איז געווען א פראנ־צויזישע גאווערנאנטקע ביי זיין שוואגער: און איהר האט מען געהייסען איהם באגעגענען.

א קליינער, ווייסער דארף, די הייזער מיט הויכע קאכעלנע דעכער און גרינע לאדענס, איז געלעגען אין א טאל ארומגעריג־

נעלט פון קליינע בערגלאך און א שטילע אזערע. ווייטער פון דארף ביי דער אזערא, איז געווען די ווילא.

אויפ'ן וועג איז זיי אנטקעגען ארויס א גרויע פרוי, זי האט איהם ארומגענומען און הארצליך באגריסט. עס איז געווען די שווינער. און ער האט זיך אליין געוואונדערט, ווי די געפילען טראגען זיך אריבער. ער האט געפילט, אז זי איז ווירקליך זיין מוטגר און ער — איהר זוהן.

„איך קען דיר שוין פון לאנג, נאך איידער דו האסט מיין טאכטער געזעהן" — האט געזאגט די אלטע מיט א ציטערנ־דער שטים פון ארעליגיעזער פאנאטיקערין — אין דיינע שריפ־טען איז דא פיל בייזקייט, דיינע אוממאראלישע אנזיכטען זיינען קינדעריש. צוריקגערעדט, וועגען פרויען ביסטו גערעכט. וואס דו ביסט געגען גאט און א פריידענקער איז ניט דיין שולד. גאט האט זיך ניט געוואלט מיט דיר באקענען. אבער באלד וועט ער צו דיר קומען, דו וועסט זעהן! דו האסט חתונה געהאט מיט א קינד פון דער וועלט; אבער דו וועסט זעהן, אז לאנג וועסטו מיט איהר ניט זיין, ווארום זי וועט דיר צופיל אריינ־שלעפען אין די קליינליכקייטען פון אלטעגליכען לעבען; און אז דו וועסט בלייבען אליין, וועסטו ווידער טאן דאס, וואס האט דיך אין דיין יוגענד געצויגען צו טאן.

דאס אלץ האט זי אבגערעדט ווי א נביאה'טע מיט אזא רוהיגען טאן, אז ווי אנאנדערער וואלט דורך איהר גערעדט, דערפאר האט זי ניט מורא געהאט, טאמער האט זי צופיל גע־זאגט.

ווען זיי האבען פון די הויכע דרכים זיך צוריק אראפ־געלאזען אויף דער ערד, האט ער איהר געפרעגט וועגען שווער, ווייל איהם האט געוואונדערט וואס ער האט איהם ניט געזעהן.

דער ענטפער איז געווען, דער שווער איז ניטא, און וועט ערשט מארגן אבענט קומען.

די שוועגערין האט זיך באוויזען. אבער זי איז געווען זעהר קאלט. געמיינט האט ער, אז זי וועט איהם זיין א שטיצע, ווייל ער האט איהר געהאלטען פאר א פריינד. איצט האט ער גע־זעהן, אז ער האט א טעות געהאט. אויך האט זי געוואלט אוועק־פארען, איידער דער פאטער וועט קומען.

פון זיין פרוי האט מען ניט גערעדט, און קיינער האט ניט געוואוסט אויב זי וועט קומען אדער ניט.

— האט מען איהם דא איינגענארט? — האט ער זיך גע־פרעגט. וועט מען איהם דא משפט'ן ? האט זיין ווייב פון ענג־לאנד איהם פאר־מסר'ט? ווי זאל ער פערשטעהן די לאגע? א שווינער, וואס האט איהם געהייסען זיך גט'ן מיט דער פרוי, האט גערעדט ניט קיין גוטעס פון איהר טאכטער. דענקט וואס איהר ווילט, עס איז זעהר אריגינעל!

מען האט איהם אריינגעפירט אין ווילא. עס איז געווען זעהר א שיינע געמויערטע צוויי־שטאקיגע געביידע מיט זעהר פיל צימערן וואס זיינען מיט גוטע מעביל און פערשידענע טייע־רע זאכען געווען אנגעפילט. און אין דער הויז, אין וועלכער עס האבען פריי געקאנט וואנען צוויי פאמיליעס, האט דער הער געוואנט מער ניט ווי זעקס וואכען אין יאהר, ווען ער האט געהאט זיין וואקיישאן. די איבריגע צייט איז עס געווען פארמאכט. דאס האט געוויזען אויף רייכקייט; און דער איידעם האט זיך געטראכט: דא דארף מען כאטש פון ארימקייט ניט ריידען; און ניט זוכען די אורזאכען און די מיטלען מיט וואס ארימקייט צו היילען.

דער טאג איז פאריבער אין ריידען מיט דער שוויגער, וועלכע איז געווען זעהר אויפמערקזאם. אויך האט זי געקאנט

דעם געשפּרעך באַלד אַריבערטראַגען אויף הויכע פראַגען. זי איז געווען רעליגיעז, און אין אַלץ האָט זי געזעהן גאָטס ווילען. דאָס האָט איהר געגעבען געדולד צו מענשען, ווייל זי האָט זיי ניט געהאַלטען פעראַנטוואָרטליך פאַר דאָס וואָס זיי טוען.

כדי צו בענוצען דעם געוועהנליכען וועג צו פריינדשאַפט, האָט ער זיך געפּרובירט שטעלען אויף איהר שטאַנדפּונקט; און גענומען גריבלען אין זיין פאַרגאַנגענהייט נאָך סמנים, וועלכע האָבען געקאָנט ברייננען דערצו וואָס עס האָט פּאַסירט.

„יע" — האָט געענטפערט די אַלטע — איך האָב דיר געזאָגט. אַז איך האָב ערוואַרטעט, איינער זאָל פון די ווילדע נאָרדלענדער קומען און פון מיר אוועקנעמען מיין טאָכטער. אָבער דו קאָנסט מיר גלויבען, אַז מיין מאַן איז ניט געווען צופרידען. ער איז אַ היציגער מענש; אָבער בעצם אַ גאַנץ גוטער מענש. דיר וועט מיט איהם געוויס אויסקומען צו האָבען אַ שטרייט; אָבער דו זאָלסט איהם ניט ענטפערען, וועט עס באַלד פאַריבערגעהן. עס איז יעדענפאַלס אַ גליק, וואָס דיין ווייב איז ניט געקומען. ווארום זי ניט איהם אויף פעפער שמעקען".

— אויף ?

„איך מיין ניט שלעכט און דו דאַרפסט אויף מיר קיין פאַראיבעל ניט האָבען. עס וועט שוין רעכט ווערען ווי נאָר דער כעס וועט אַריבער"!

— ביין, הייסט עס, איז ער יעדענפאַלס, אָבער איך פאַרשטעה ניט פאַרוואָס. איך האָב געוויס גוט געמיינט; נאָר יעדער מענש האָט אַ רעכט צו ליידען פון אַן אומגליק, אין וועלכען ער איז ניט שולדיג.

„מילא עס וועט שוין רעכט ווערען !

ענדליך איזגעקומען די נאַכט, און ער איז אַוועק אין זיין צימער. פענסטער זיינע אין זיין צימער געווען אין אַלע דריי

זייטען. די גארדינען זיינען געווען אראפגעלאזען, און ער האט געהאט א געפיל, אז מען היט איהם דא, אדער מען קוקט איהם נאך.

ליגענדיג אין בעט האט ער געקאנט באטראכטען זיין שווערם בילד. זיין געזיכט אונטער דער באלייכטונג פון צימער האט אויסגעזעהן בייז און זעהר ניט פריינדליך..

— און מארגען דארף איך עס פון דעם פרעמדען מאן, וועל־בען איך האב קיינמאל ניט געזעהן, אויסהערען א שטיק מוסר! הערען געזיידעלט ווי א חדר איינגעל, מעהר ניט ווייל איך האב געהאט דעם אומגליק. נאר מען דארף דאס אויך פאר גוט אנ־נעמען, ווי אלעס אנדערע.

* * *

אויף מארגען אין דער־פריה איז ער אויפגעשטאנען מיט דער פעסטער מיינונג, אז ער געפינט זיך אין א שלאנגענגרוב וואו דער טייוועל האט איהם אריינגענארט. אנטלויפען איז געווען אוממעגליך. דערפאר איז ער געבליבען און איז אוועק ארומ־קוקען דעם פלאץ. אין קאפ האט זיך ביי איהם צוזאמענ־געליינט א ליד: און ער האט זיך געטראכט, ווי אינטערעסאנט דאס קאן באלד ווערען. דאס וועט זיין אזא סצענע, וואס קיינער האט נאך ניט איבערגעלעבט.

צום מיטאג־עסען איז אויך ניט פרייליכער געווען. ווארום דעם שווערם ליידיגער פלאץ ביים טיש האט קיין גוטעס ניט פארשפראכען.

נאכ'ן עסען איז ער ארויף צו זיך אין צימער ברייננגען אין ארדנונג זיינע נערווען. און גלייך האט מען איהם געמעלדעט, אז דער „שטאאטסראט“, דער שווער, איז דא.

ער איז ארונטער. עס האט איהם געווארפען אין היץ און אין קעלט.

אויפ׳ן וואראנדע איז געשטאנען א מאן, וואס האט אויס־געזעהן א יאהר פערציג, יונג געקליידעט, מיט יונגע, לעבעדי־גע אויגען.

וואס פאר א מינע דער איידעם האט געמאכט ווייס ער נים, ווייל ער האט עס נים געקאנט זעהן; אבער זי האט געמוזט גע־פעלען דעם אלטען, ווארום ער האט איהם זעהר פיין באגריסט, האט זיך ענטשולדיגט וואס ער האט פארשפעטיגט, האט גע־לויבט זיין שרייבען און האט איהם געבעטען זיך זעצען. גע־װענדעט האט ער זיך צו איהם אין רעדען אויף „איהר". ער האט דערצעלט פון פאליטיק, געערדט לאנג פון דער און יענער ערשיינונג, געמיינט אבער האט ער : גוט צו בעטראכטען דעם איידעם, וועלכער איז דא געזעסען זעהר אויפמערקזאם, אבער שטום. דאן האט ער זיך געווענדעט צו דער שוויגער, זי זאל דעם גאסט מיט וואס טראקטירען; און האט דירעקט זיך גע־װענדעט צו איהם: פילייכט וויל ער וואס ?

נים װארטענדיג לאנג, איז ער אויפגעשטאנען, איז צוגע־גאנגען צום אלטען און געזאגט :

— איך וויל איין זאך אז דער פאטער פון מיין פרוי זאל מיר זאגען „דו".

עס האבען א גלאנץ געטאן די אויגען ביים אלטען און ער האט ארומגענומען דעם איידעם. און ערשט האט ער דאסזעלבע געפילט וואס דאן בעת ער האט זיך באגריסט מיט דער שווי־גער: אז ער איז פארקניפט געווארען מיט א פאמיליע; און ער איז געווען אמת גערירט ווי א קליין קינד.

„דו ביסט א גוטער יונג" — האט דער אלטער געזאגט — „איך האב עס געזעהן אין דיינע אויגען."

— „אבער" — האט ער ווייטער געזאגט — „איצט האסטו מאריען באקומען; און, ווי איך האב געהערט, ווייסטו וואס דו

דו האסט געקראנגט. נעהם עס פאר ליב, און קום קיינמאל ניט פאר מיר זיך באקלאגען. וועסטו איהר ניט קאנען איינברעכען, וועסטו זיך מוזען נאך איהר נאכשלעפען. דאס, וואס דו האסט געוואלט האסטו געקראגען! זאל דיר וואויל באקומען!

דאן האט מען געטרונקען קאפע און מען האט זיך אונטער־האלטען אזוי ווי גוטע בעקאנטע און פריינד.

דער אלטער האט געוואלט פישען, און האט דעם איידעם מיטגערופען. דער שווער האט זיך איבערגעטאן, אבער מען האט דאך געקאנט זעהן נאך די לאמפאסען אויף זיינע הויזען, אז ער איז א הויכער בעאמטער. ער האט דעם איידעם פאר־געליינט ציגארען, וועלכע דער פרינץ האט איהם געגעבען.

דער הויכער בעאמטער, וואס פלעגט עסען ביים קעניג, איז געגאנגען מיט'ן אנארכיסט פישען... די לעצטע צייט האבען די אנארכיסטען זיך ארויסגעוויזען צו מיאוס. זיי האבען אויפגע־ריסען עטליכע געלדקאסעס; און דאס איז דעם איידעם ניט געווען צום הארצען. אבער קאמיש איז געווען דאס, וואס דער אלטער אליין האט אזוי סימפאטיש גערעדט פון די מאדערנע באוועגונגען, פון דער סקאנדינאווישער ליטעראטור; און בכלל האט ער די שרעקליכע טעטיגקייט פון איידעם געקענט אזוי, אז יענער האט זיך ניט געדארפט זשענירען. איבערהויפט איז איהם געפעלען געווארען די שטעלונג זיינע אין דער פרויען־פראגע.

— „דו האסט אלץ געשריבען וואס איך האב געוואלט שריי־בען".

צי ער האט עס ערנסט געמיינט, געזאגט האט ער יעדענ־פאלס.

דאן זיינען זיי געקומען ביים טייך.

„האסטו ווען געכאפט אקונעם"?

„ניין!
„דאָס איז בעסער, וועסטו מיר העלפען“.
די הילף איז באַשטאַנען אין דעם וואָס מען האָט באַדאַרפט דעם פיש אַראָפּנעמען פון הוק, דעם הוק צורעכט מאַכען און דערביי ניט אַראָפּוואַרפען די פליג, וואָס איז געווען צוגעטשעפּעט. אַזוי ווי צו אַלץ דאַרף מען האָבען אַ געוויסע געוואָהנהייט, האָט זיך ביי דער אַרבייט דער איידעם אַרויסגעוויזען זעהר אומגעשיקט: און דער שווער האָט איהם דערפאַר גערזידעלט. אָבער ער האָט זיך אַזוי גוט געפילט אין זיין נייער שטעלונג אַז ער האָט עס אָנגענומען פאַר גאַנץ נאַטירליך, פּונקט אַזוי ווי ווען ער פלעגט מיט זיינע קינדער כאַפּען פיש.
ווער די זון איז אונטערגעגאַנגען האָט דער ספּאָרט אויפגעהערט; און דער איידעם האָט דעם כבוד באַקומען די פיש מיט די איבעריגעחפצים צו ברייגגען אַהיים.
דער אָבענט איז געווען זעהר לעבעדיג; און דער אַלטער האָט געשיקט געלט און אַ טעלעגראַמע אין לאָנדאָן, אַז די יונגע פרוי זאָל גלייך קומען.
— „דאָס איז צוליב דיר“ — האָט ער געזאָגט צום איידעם. מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז איהר האָט מען ניט גערופען. מען האָט איהם אַריינגענאַרט, ווי מען פאַרנאַרט פייגאָלאָך.
— איך בין נאָך גוט איבערגעקומען! — האָט ער געזאָגט צו דער שוויגער פאַר'ן געהן שלאָפען.
"דאָס ערגסטע איז פאַריבער. אָבער גאָר זיכער ביסטו נאָך נים. עס איז נאָך ניט דער סוף."
— צו וועלען מיר נאָךביידע קריגען קלעפּ ?
קיין סוף איז נאָך לאַנג ניט געווען. אויף מאָרגען האָט ער באַקומען אַ בריף פון לאָנדאָן, אין וועלכען זי האָט זיך מיט

איהם אויף אייביג געזעגנט, ווייל ער האט אין דער וואל צווי־
שען די עלטערן און איהר, פארגעצויגען די עלטערן.

אזוי ווי באמת איז דא קיין וואל ניט פארגעקומען, איז עס
געווען אן אונזין, און וועלכען עס איז געווען עפעס באהאלטען.

א צווייטער בריף צו דער מוטער האט אין א שטארקען טאן
ארויסגעזאגט דאס גלייכע און האט זיך אויך געענדיגט מיט א
גליקוואונש.

„זי איז אייפערזיכטיג: זי האט מורא, אז דו זאלסט איהר
ניט באריידען און ניט געפינען קיין שטיצע דא; זי האט אזוי
האלט צו הערשען, אז זי פארטראגט איבער זיך אפילו די עלטערן
אויך ניט; אויב דו וועסט איצט ווערען א גוטער פריינד פון
פאטער און מוטער, דאן וועסטו אויך אנהייבען צו פילען, ווי
מיר וואס עס הייסט האבען אזא קינד“.

מעגליך איז עס געווען. אבער גאנץ נארמאל ניט, ווארום
זי האט זיך געדארפט פרייען, וואס ער האט געוואונען די
עלטערן פאר זיך, און וואס שלום און פריינדשאפט זיינען ווי־
דער געקומען.

דער פאטער איז געווארען בייז און ערנסט. ער האט טע־
לעגראפירט זיין לעצטע באדינגונג און האט געבעטען אן ענטפער.
איצט האט זיך אלץ באדעקט מיט א וואלקען, און דאס לאכען
איז פארשוואונדען.

אזוי ווי ער האט מורא געהאט, עס זאל ניט ארויס קיין
קריג, האט ער טעלעגראפירט זיין פרוי: „איך פאר אין קא־
פענהאגען, און אויב דו קומסט ניט, וועל איך אנגעבען אויף
א גט“.

מען האט געמוזטווארטען אויף א ענטפער, און דערפאר
איז ער געבליבען.

די נאכט האט ער ניט געשלאפען. די לאגע איז געווען אזוי פארדרייט, אז מען האט געקאנט משוגע ווערען: וועט זי דעם פארשלאג אויף גט'ן אננעהמען, איז די פראגע: ווי שניידט מען אפ מיט דער פאמיליע, מיט וועלכע ער האט זיך ערשט אזוי פעסט פערבונדען? און וואס וועלען די אלטע זאגען? אזא גיכער סוף מוז דאך האבען אורזאכען.

אויף מארגען איז געקומען א טעלעגראמע פון דער יונגער פרוי שוין פון האלאנד. אזוי ווי אלץ האט באדארפט זיין פאר־דרייט, איז די טעלעגראמע געווען אזוי געשריבען, אז מען האט ניט געקאנט פארשטיין וואס זי מיינט: אדער איך קום צו אייך, אדער איך געה אין קאפענהאגען, דיר דארט טרעפען.

די דעפעשע האבען דריי טעג גע‎לייענט און געטייטשט אויף פערשידענע אופנים אי דער שווער, אי די שוויגער, אי דער איידעם. די פרוי איז אבער ניט געקומען. מען האט איהר ערוווארטעט ביי יעדען צוג; און קומענדיג צוריק פלעגט מען זיך ווייטער נעמען פאר דער דעפעשע. מען האט מעהר קיין רוה ניט געהאט. מען האט גארניט געקאנט טאן. נאר געדרייט דעם קאפ, געקוקט און צוגעהערט זיך.

אויפ'ן צווייטען טאג האט ביים פאטער געפלאצט די גע־דולד. עס איז ארוים א קליינינגקייט, וואס פאר איהם איז אבער געווען פון גרוים וויכטיגקייט. עס איז ארוים א סקאנדאל. דער גאנצער דארף האט געוואוסט, אז דער איידעם איז דא און די טאכטער איז פארלארען געגאנגען; און מען זוכט איהר מיט טעלעגראמעס. דער פאטער האט זיך פארשלאסען אין צימער אויף א גאנצען טאג, און האט אהן רחמנות גענומען זיך צו דער עקאנאמישער זייט פון דער פראגע:

„האסטו עפעס א זיכערע הכנסה? — האט ער געפרעגט.

— אזוי זיכער ווי א דיכטער קאן עס האבען.

— „נו דארפסט זעהן, און טאן ווי אנדערע טוען: שרייבען פאר צייטונגען“.

— קיין איין צייטונג וועט מיינעם אן ארטיקעל ניט דרוקען.

„דו דארפסט אזוי שרייבען, אז מען זאל יא דרוקען“.

דאס איז געוועזן מעהר, ווי א צווייפלער האט געקאנט פארטראגען. אבער ער האט עס פארטראגען און געשוויגען, בעשליסענדיג בעסער מיט א ניטארע אין האנד זיך אין די גאסען ארומצושלעפען איידער זיין נשמה צו פערקויפען...

דער אלטער איז אליין געווען אין דער יוגענד א ראמאנענשרייבער און פאעט. ער האט עס אבער געמוזט אויפגעבען, ווייל ער האט באדארפט פארזארגען זיין פאמיליע. ער האט געהאט דאס רעכט צו זאגען: טו אזוי ווי איך האב געטאן. פון דער צווייטער זייט האט אבער דער אלטער פארשטאנען פון זיין אייגענער ערפארונג, ווי שווער עס איז אזא קרבן צו ברייגנען; און ער האט מיט איהם רחמנות געהאט און געזאגט איהם א פאר טרייסט-ווערטער.

אבער באלד האט ער זיך דערמאנט אן דעם קרבן, וואס ער האט געבראכט און עס איז איהם געווארען ביטער. ער האט געוואלט דעם אומגליקליכען צעטרעטען. און אז ער האט געזעהן דאס יענער נעהמט אלץ אין זיך אריין און שווייגט, האט ער געדיינקט, אז ער קאן אזוי ליידען נאר דערפאר וואס ער וועט אמאל איהם ירש'נען. און ער האט גענומען ריידען פון קעניג ליר, פון די אומדאנקבארע טעכטער, וועלכע האבען דעם אלטען געלאזען אליין און געווארט אויף זיין טויט און אלץ ביי איהם צוגענומען, אפילו די עהרע אויך.

אזוי איז דער טאג אוועק. אז דער איידעם האט געוואלט אוועקגעהן האט מען איהם ווידער פארהאלטען, כדי נאכאמאל איהם צו קאנען צאפען די בלוט.

דער איידעם האט געקאנט זיך איינטראכטען אין צווייטענס נשמה. ער האט פערשטאנען יענעמס צרות, און דאריבער האט ער אפילו ניט פרובירט זיך פארענטפערן. נאכמעהר, ער אליין האט זיך געפילט אלט, פערראכטעט, און פארלאזען פון זיינע קינדער.

„דו ביסט גערעכט" — האט ער געזאגט — אבער איך פיל זיך דאך אומשולדיג".

אין אבענט אויפ'ן דריטען טאג נאך דער טעלעגראמע איז די שוויגער ארויף צום איידעם.

„דו מוזט מארגען אין דער פריה אוועקפארען. ער קאן דיך מער ניט זעהן."

— גוט. איך פאר!

— „אויב מאריע קומט, וועט מען איהר ניט ארייגלאזען."

— האסטו ווען עס איז געזעהן א מענשען אין אזא לאגע ווי איך בין?

„ניין! און דאס ערגערט מיין מאן זעהר, צו זעהן אזא בכבוד'דיגען מאן אין אזא פארצווייפעלטע לאגע. ער ליידעט צוליב דיר און וויל ניט ליידען. מיינע געדאנקען ווייסטו. עס איז ניט די שולד פון מענשען און ניט פון פערהעלטנישען, דו קעמפסט געגען אן אנדערן, וועלכער יאגט דיך און יאגט ביז דו וועסט מיד ווערען און וועסט זוכען רוה אין דעם איינציגען ארט, וואו מען קאן עס געפינען. איך בלייב שטענדיג דיינע א פריינדין, אפילו ווען דו וועסט זיך גט'ן מיט מיין טאכטער. און איך וועל פאר דיר שטענדיג גאט בעטען און דיר גוטעס וויג־שען".

ווען ער איז געבליבען אליין אין צימער האט ער געפילט אן ערלייכטערונג, ווייל מארגען וועט שוין נעמען א סוף צו די צרות, און אז דאס ערגסטע האט ער שוין איבערגעלעבט.

כדי ער זאל קאנען וועגען עפּעס אנדערעס טראכטען, האט ער גענומען א ציימונג לעזען. עס איז געווען די אפיציעלע הויף־צייטונג.

ער האט דורכגעקוקט די פאדערבלאט און זיך אפּגעשטעלט אויפ'ן פעליטאן. עס איז געווען א ליטעראַרישע קריטיק. ער האט עס געלעזען, ווייל ער האט געמיינט אז דאס האט דער אל־טער געשריבען. מען האט גלייך געקאנט זעהן, אז דער שרייבער איז זעהר באלערענט, האט א שיינעם סטיל, זיכערע אורטיילען, וואס עס האט איהם זעהר פארוואונדערט איז א שנאה צו אלע נייע מאדערנע שריפטען, אויך די סקאנדינאווישע אין דעם — ווערענד די דייטשע ליטעראַטור איז זעהר געלויבט אז זי גיט דייטשלאנד אזוי פיל און איז שטענדיג, שטענדיג פאראויס!

אז ער האט דורכגעלעזען ביז'ן סוף, האט ער דערזעהן אונ־טערגעשריבען דעם צייכען פון זיין פרוי.

ער האט איהר צוגעזאגט קיינמאל איהרע ארטיקלען נים צו לעזען. ער האט זיין פארשפּרעכען געהאלטען, ווייל ער האט נים געוואלט עס זאל זיין ליטעראַרישע קריגערייען ביי זיי.

דאס, וואס זי האט אנדערש געשריבען, ווי זי האט גע־דיינקט, קאן זיין מעהר נים דערפאר, ווייל זי האט געוואלט מען זאל איהרע זאכען דרוקען.

וואס פאר א צווייידייטיגען לעבען די פרוי האט געמוזט פירען, אז אין די ראדיקאלע קרייזען האט מען איהר געהאל־טען פאר אן אנארכיסטקע, און אין דער הויף־צייטונג איז זי גע־ווען קאנסערוואטיוו. ווי אזוי מען קאן זיך אזוי בייטען, האט ער עס נים פארשטאנען; און איז געווען צו מיד צו וועלען עס פארשטעהן. דאס האט איהם אבער ערקלערט, פארוואס זי האט נים פארשטאנען, וואס ער איז אומבעשעפטיגט, ווען פאפיר און פעדערן זיינען דא גענוג.

דער ארטיקעל לויט דעם סטיל און שכל האט באדארפט ווערען געשריבען פון א גרויע קאפ, ניט פון א יונגער מיידעל וואס קאן ליגען אויפ'ן זאפע און עסען צוקערקעס.

— אז מענשען זאלען קאנען זיין אזוי פערדרייט ! — האט ער געטראכט — אינטערעסאנט איז עס יעדענפאלס. איך וועל דאס ניט פארגעסען.

און ער איז איינגעשלאפען, פילענדיג זיך א סך קליגער נאך דער ערפארונג.

זיבען אין דער פריה האט איהם אויפגעוועקט א מאן, וואס האט באדארפט אפפירען זייגע זאכען צום סטאנציע. אזוי ווי די שוויגער האט איהם געזאגט, אז דער צוג געהט אכט אוהר האט ער זיך ניט געאיילט, אנגעטאן זיך און איז ארונטער אין גארטען. דארט האט ער די שוויגער אויך געטראפען.

זיי זיינען אזוי געשטאנען און גערעדט וועגען דעם וואס עס שטעהט איהם פאר, ווען א דונערוועטער, בייזע שטים האט זיך געלאזט הערען. עס איז געווען דער אלטער:

"דו ביזט נאך ניט אפגעפארען ?"

— ניין ! דער צוג געט ערשט אפ א פערטעל צו אכט.

— „וועלכער אידיאט האט עס דיר געזאגט?"

אזוי ווי די שוויגער האט עס איהם געזאגט, האט ער, נאַטירליך, ניט געקאנט אנווייזען, ווער דער „אידיאט" איז געווען, וואס האט איהם אזא פאלשע ידיעה געגעבען.

„טו זיך אן און געה צום באנהויף זעהן, ווען געהט דער נעכסטער צוג".

אזוי ווי ער האט זיך ניט געאיילט, האט איהם דער אלטער א זאג געטאן:

„נו“, פונקט ווי מען טרייבט אונטער מיט א בייטש א פוילען פערד.

איצט איז איהם קלאר געווארען וואס ער דארף טאן. ער האט א דריק געטאן די שווינגער די האנט און איז אוועק.

נאך זיינע פעס... טריט האט מען געמוזט מערקען, אז דאס געהט א מאן פון לייבען־גרוב אוועק, און וועט שוין צוריק ניט קומען. און גלייך האט זיך ווידער געהערט דעם אלטענס שטים. אבער שוין אזוי צערטליך קלינגענדיג: „אקסעל!“

איהם האט א שטאך געטאן אין הארצען. אבער קוים האט ער שוין געהאלטען אין געהן, איז ער געגאנגען און געגאנגען, אפילו זיך ניט אומגעקוקט.

ער איז אוועק צום וואקזאל, האט א קוק געטאן דעם רייזע־פלאן, האט א פרעג געטאן, ווען איז א צוג און, ניט הערענדיג דעם ענטפער איז ער מיט דעם שאססעי ווייטער אוועק. ער האט עס אלץ אזוי רוהיג געטאן, ווי ער וואלט פאר דעם שוין פון פריהער האבען א באשטימטען פלאן.

ער איז באלד געווען ארויס פון דארף אויפ'ן לאנד איינער אליין אהן א היים, אהן געפעק, אהן א ראק, מעהר ניט ווי דעם שטעקען אין האנט.

ער איז אויף קיינעם ניט געווען בייז. דער אלטער איז גע־ווען גערעכט: און זיין לעצטער רוף איז געווען, ער זאל איהם פארצייהען זיין לעצטע שטימונג. ער האט זיך געגען איהם געפילט שולדיג, ווארום מעהר ווי צרות און שאנד האט ער איהם ניט פארשאפט. זיך אבער האט ער אויך ניט געקאנט מאכען קיין פארווירפען, ווארום ער האט געהאנדעלט אזוי ווי ער האט געקאנט און געמוזט.

דערווייל איז ער געווען פריי. הינטער זיך האט ער גע־לאזען זיין ערגסטען גיהנום. די זון האט געשיינט. ארום זיי־

נען געלעגען גרינע פעלדער און פאר זיך האט ער געהאט די גאנצע וועלט. ער האט אראפגעווארפען זיינע קינדער קליידער, וועלכע ער האט אכט טעג געטראגען, האט זיך ווידער געפילט אלס מאן און איז אוועק ווייטער.

זיין פלאן איז געווען: צופוס צוצוגעהן ביז צו דער צווייטער סטאנציע, דארט נעמען א דאמפער, טעלעגראפירען נאך זיין געפעק, און דאן פארען אין קאפענהאגען.

עס איז אייגענטליך קאמיש — האט ער צו זיך אליין גערעדט — ווען עס וואלט ניט געווען פאר די אלטע אזוי טראגיש. גוט איז עס ניט, אבער איך האב ערגערע זאכען איבערגעלעבט. א טרעמפ בין איך, איז גוט. דאס אליין מאכט מיר פריי פון אלע פאדערונגען אויף אנשטענדיגקייט און כבוד. דאס אליין מאכט שוין אויך רוהיגער, איך האב גאר מעהר ניט וואס צו פארלירען.

אין נעכסטען דארף איז ער אריין ווי אן אלטער סאלדאט האט באשטעלט וויין און טאבאק, געווען פרעליך, געפלוידערט מיט'ן שיינקער, און איז נאכהער אוועק ווייטער.

צייטענווייז איז ער געווארען סאנטימענטאל און פלעגט זיך דערמאנען אן דער שוויגערס ווערטער פון ווילדער יאגעניש. ער האט זיך איינגערעדט, אז גאר לאט איז עס ניט. ווארום אזא מפלה האט ער נאך אויף זיין לעבען ניט געהאט; און ווי באלד, אז אנדערע באמערקען עס, מוז דאך דא עפעס וואס עס איז ליגען. אבער קיין גרויס אומגליק איז עס אויך ניט. ווארום צרות האט ער געהאט געננג פון קינדערווייז אן. יעדענפאלס: א מענשען אין אזא לאגע ברייננגען! ער וואלט א שונא אפילו מיט אזא טייוועלשער גרויזאמקייט ניט באהאנדעלט.

ער איז אנגעקומען אין ארענזעע און גאנץ שנעל אין קאפענ־האגען.

עס איז געווען אבענט און ער האט אוועקגעשיקט א מענשען צו דער פאמיליע וואו זיין פרוי פלעגט וואגען. אזוי ווי זי איז צו איהרע עלטערן ניט געקומען, האט זי געמוזט זיין אין קאפענ־האגען. אויף דער וויזיט־קארטע, וואס ער האט אפגעשיקט איז געווען אנגעשריבען:

— עפעס א אומגעווענליכע פראגע: וואו איז מיין פרוי?

א מענש, וועמען עס איז ניט אויסגעקומען צו ווארטען אנ־דערהאלבען שטונדען אויפ'ן גאס, ווייס ניט ווי לאנג אזא צייט איז. זיין ווארטען האט ער אבער מיט האפענונג פארקריצט. ער וועט נאך א שווייגען פון אכט טעג אין האמבורג, נאך פינף וואכען אמת'ע געפאנגעניש אויף ריגען און נאך א וואך העלישען פייער און ערעסקאוועזעע זיין פרוי ווידער זעהן.

נאך זעכס פערטעל שטונדען, איז דער מאן געקומען צוריק מיט א וויזיטקארטע, אויף וועלכער עס איז געווען געשריבען: "זי איז היינט אין דער־פריה אפגעפארען קיין פיונען אייך טרעפען".

איצט הייבט עס שוין אן צו דערעסען, אפילו אויב מען זאל עס אלס אינטריגע באטראכטען.

און אז מען זאל עס אויסנוצען אלס מאטיוו צו א ראמאן, וועט דער לעזער דעם בוך אוועקווארפען און זאגען: עס איז צו משוגע! און אלס קאמעדיע איז עס ניט גענוג לעבעדיג!

און דאך איז עס געווען אזוי!

זיין נעכסטער געדאנק איז געווען:

— מיין ארימע פרוי! זי איז גראדע אוועק אין לייבענ־גרוב, און זיי וועלען איהר דארט אויפעסען. דעם פאטערס כעס

האט גאר קיין שיעור ניט, און די שווינער האט געזאגט: אויב זי וועט ערשט קומען וועט מען איהר שלאגען!

דאריבער האט ער טעלעגראפירט צו דער אלטער זיי פאר־בערייטענדיג, אז זי קומט און זיי געבעטען, אז מען זאל איהר שאנעווען.

VII.

ערשט אין פיר טעג ארום האט זי געקאנט קומען צוריק. כדי ניט צו פערבלייבען אין קאפענהאגען וואו מען האט באלד אין די צייטונגען בעשריבען זיין האכצייטסרייזע, איז ער אוועק אי א דארף ניט ווייט פון שטאדט, וואו עס האט געוואנט זיינער א פריינד מיט זיין פאמיליע..

אין רעסטאראן דארט האט ער געקראגען דעמזעלבען קלאַ־געדיגען עסען, וואס אויף ריגען; און אין צוויי טעג האט ער זיך אזוי שוואך געפילט ווי ער וואלט קראנק געווען. מען האט נעקייט אהן אן אויפהער, מען פלעגט זיך זעצען צום טיש הונ־געריג און אויפשטעהן פון טיש הונגעריג.

דער פריינד איז אויך ניט געווען דער זעלבער ווי פריהער. פון ענטוישונג איז ער געווארען פארטראכט און אומעטיג. און עס איז פאר איהם געווען א געוויסע צופרידענהייט צו זעהן דעם בארימטען שרייבער אין אזא טרויעריגע לאגע. זיין מיט־לייד איז געווען צו דערזעלבער צייט אי ריהרענד, אי בעליי־דיגענד פאר איהם; און אז אקסעל האט געוואלט דערצעהלען זיינע פאסירונגען פון דער האכצייטסרייזע, האט יענער אויף איהם אזוי גענומען קוקען, אז ער האט באלד אויפגעהערט, כדי מען זאל איהם ניט האלטען פאר א ליגנער.

דער דארף איז געווען ארומגערינגעלט מיט זעהר אלטע ביימער און איז געווען זומפיג. מען פלעגט זיך דארט פילען טרויעריג אהן א פארוואס. ווען ער איז די דארף־גאס דורכגע־

גאנגען האט ער באמערקט דורך די פענסטער, אז מען קוקט אויף איהם זעהר פארוואונדערט, און מען בעהאלט זיך שנעל צוריק הינטער די גארדינען. דאס האט איהם באאומרוהיגט, און ער האט ביי זיך געפרעגט: צו האט מען ניט ארויסגעלאזען פאלשע קלאנגען, אז ער איז משוגע געווארען?

ווען ער האט דעם פריינד געפרעגט, האט יענער איהם געענטפערט:

„ווייסטו דען ניט וואו דו ביסט"?

די פראגע איז געווען אזוי געשטעלט אז מען האט געקאנט טייטשען אזוי: ביסטו דען אזוי צודרעהט, אז דו ביסט פון זי־נען אראפ?"

— איך בין אין דארף — האט ער געענטפערט, כדי צו צעשטערען דעם פארדאכט.

„און דו ווייסט גאר ניט וואס דער דארף איז"?

— ניין!

„דאס איז א משוגעים פלאץ. די איינוואנער לעבען דא דערפון וואס זיי נעמען אריין משוגעים אין די הייזער און היטען זיי."

און ער האט זיך צולאכט.

אקסעל האט מעהר ניט פארנאנדערגעפרעגט. אבער ער האט זיך אליין גענומען פרעגען. צו האט מען איהם אהערצו ניט פארנארט, ווייל מען וויל נאכקוקען.. און ער האט געהאט א גרונט צו דענקען אזוי, ווייל עפעס אזוינס האט מיט איהם שוין אין לעבען געטראפען.

איצט איז זיין לעבען געווארען איין אנשטרענגונג: אין זיין דענקען צו זיין אזוי וואכעדיג, אז אין זיין פירען זיך צו זיין אזוי בעל־הבתיש, ווי נאר מעגליך, כדי מען זאל חלילה ניט בא־מערקען עפעס ניט קיין געוויינליכעס אויף איהם. ער האט

מורא געהאט צו זאגען אז אריגינעלען געדאנק, א וויץ; און ווען איהם פלעגט זיך זעהר שטארק וועלען עפעס דערצעלען פון זיין האכצייטסרייזע, פלעגט ער זיך קנייפען פאר די קניע, זיך צוריקצוהאלטען.

די שטענדיגע מורא אז מען קוקט איהם נאך, האט איהם אזוי צוזאמענגעדריקט, אז ער האט איבעראל געזעהן אויגען און געהערט פארדרייטע פראגען. אזוי ווי ער איז געווען זעהר עמפינדליך, האט זיך איהם געדוכט, אז אין גאנצען דארף שוועבט אום אין דערלופטען די משוגעת; און ער האט מורא גע־האט אליין משוגע צו ווערען. ער האט אבער ניט געוואלט פון דעם דארף אוועקגעהן. ערשטענס האט ער מורא געהאט: טאמער געהמט מען איהם אפ צוריק פון וואקזאל; צווייטענס האט ער דעם דארף אנגעבען זיין פרוי וואו זיך צו טרעפען.

עס זיינען געקומען בריף פון דער שוויגער. זי האט דער־צעהלט פון די זארג און אומרוה וואס זיי האבען געהאט פון זיין פארשווינדען. דער שוועֶר, וועלכער האט געוואוסט וואס ער וואלט געטאן אין דער לאגע פון דעם אומגליקליכען, האט געמיינט, אז ער האט זיך דעם לעבען גענומען און האט ביטער געוויינט. מען האט איהם ביי די ברעגעס פון וואסער און אויך אין וואלד געזוכט.

ער האט געמוזט אויפהערען לייענען: דער אלטער האט גע־וויינט! ווי שרעקליך מוז זיין שיקזאל זיין, ווען פאר אנדערע איז עס אזוי טראגיש!

איצט איז מאריע דארט און זיי וועלען זיך באלד זעהן, ווען ער וועט נאך זיך פערהאלטען רוהיג, ווייל זי ליבט איהם.

דאס האט איהם אפגעפרישט און געגעבען כח דורכצוטרא־גען דעם גיהנום. וואו די מענשען האבען יך עהאלטען אין איין ארומרייסען.

די לעצטע פּאָר טעג האָבן געבראַכט נייע ליידן. דער שוועד פון קאַפּע האָט בעדאַרפט קומען צום עסן. אַקסעל האָט זיך זעהר דערפרעהט און איז אַוועק צום באַן איהם באַגעגענען. יענער האָט איהם זעהר גוט פאַרשטאַנען: כאָטש אַליין איז ער געווען אָרים, האָט ער געזוכט פאַר איהם הילף אין אַזוינע ערטער, וואו ער האָט פאַר זיך ניט געקראָגען: ביז די רייכע לייט.

איצט האָט אַקסעל געטראָפען גאָר אַ פרעמדען. יענער האָט איהם גאָר ניט געוואָלט דערקענען, ניט געפרעגט וואָס מיט איהם איז, אַ וואָרט ניט דערמאָנט פון דער פאַרגאַנגענהייט.

נאָכ'ן עסען האָט אַקסעל גענומען דעם בעל־הבית אָן אַ זייט און איהם געפרעגט:

— איז דער שוועד אויף מיר אין כעס?

„אין כעס? ניט! נאָר דו פערגעסט? ער האָט ערשט חתונה געהאַט מיט לאָיס"...

— חתונה געהאַט?

— „יאָ! וויל ער זיך ניט דערמאָנען אָן דעם, אַז זי איז געווען דיינע אַ פריינדין"!

— יאָ, איך פערשטעה דאָס, אָבער איך בין דאָך ניט שולדיג, וואָס איך בין געווען איהר פריינד, נאָך איידער זי האָט געוואוסט אַז דער שוועד עקזיסטירט אויף דער וועלט.

„ניין, געוויס ניט, אָבער דו האָסט וועגען איהר גערעדט"...

— דאָס וואָס אַלע אַנדערע האָבען גערעדט, עס איז דאָך קיין סוד ניט געווען. דאָצו פלעגט זי אַליין אַזוי פיל פּלוידערן פון איהרע עראָבערונגען, אַז עס האָט געמוזט עפענטליך אַרויס.

—„יאָ. אָבער עס איז שוין אַזוי"..

דער שוועד איז פאַרבליבען און דערפאַר האָט דער נאָרוועגער געמוזט זיין אַליין.

צו פּאָרטרייבען אַביסעל די צייט האָט ער גענומען שטודי־רען די ביאָלאָגיע פון די פּלאַנצען. ער פּלעגט צוליב דעם מיט־נעמען מיט זיך אויף זיינע שפּאַצירונגען אַ מאָרפין־שפּריצער כדי צו זעהן ווי עס ווירקט דער נערוועןגיפט אויף די פּלאַנ־צונגען. ער האָט געוואָלט באַווייזען אַז פּלאַנצונגען האָבען אַ געוויסע עמפּינדליכע נערוועז סיסטעם.

איין נאָכמיטאָג איז ער געזעסען ביי אַ גלאָז וויין אין גאָר־טען־רעסטאָראַן פון דאָרף. אויף זיין טיש זיינען אַראָבגעהאַנגען די צווייגען מיט קליינע רויטע פרוכטען. דאָס האָט ער באַדאַרפט האָבען פאַר זיין אונטערזוכונג. ער האָט זיך געשטעלט אויפ'ן שטול און האָט אַריינגעשפּריצט אין צווייג, אויף וועלכען דער עפּעל איז געהאַנגען, מאָרפין. ער האָט עס צושטאַרק צור־געדריקט און דער עפּעל איז אַראָפּגעפאַלען.

אין דעם זעלבען אויגענבליק האָט ער דערהערט אַ געשריי און אַ געטומעל פון וואָלד. ער האָט דערזעהן אַ לויפענדיגען מאַן מיט אַ שטעקען אין האַנט, באַגלייט פון אַ פרוי מיט אַ קינד.

„אָט דאָ האָב איך איהם".

— איהם ? צו זוכט מען איהם אַלס דעם גנב פון עפּעל?

ער איז אַרונטער פון שטול און זיך אַוועקגעזעצט זייענדיג בערייט אויף אַלעס, וויל מען האָט איהם ביים האַנט געכאַפּט. ער וואָלט בשום אופן ניט געקאָנט ערקלערען זיין האַלטונג: און זיי וואָלטען ניט פאַרשטאַנען: צו וואָס זאָל ער מאָרפין אַריינשפּירצען אין אַן עפּעלבוים ?

דער אויפגערעגטער מאַן האָט באַדאַרפט אַריבערשפּרינגען אַ צאַם אום צוצוקומען צו איהם.

ווי אַ פאַר־משפּוט'ער צום טויט איז דער נאַרוועגער געזע־סען און געוואַרט אויף אַ קלאַפּ מיט'ן שטעקען. ביי זיך האָט ער

פעסט באַשלאָסען אויף זיין פאָסטען ווי אַ סאָלדאַט צו שטאַר־
בען. דעריבער האָט ער זיך ניט געאיילט אויסצוגעפינען אַן
ערקלערונג פאַר זיי, נאָר ער האָט געטראַכט בשעת מעשה:

— אַזאַ טייוועלשע געשיכטע האָב איך נאָך אין מיין
צרה׳דיגען לעבען ניט געהאַט.

זעכציג סעקונדען זיינען לאַנג, אָבער דאָך גייען זיי ענדליך
אַוועק!

צו זאָל עס זיין אַז זיין פריצ׳ישער אויסזעהן, אָדער זיין
טייערער אַנצוג, אָדער דער וויין און דער סיגאַר וואָס זיינען
געלעגען פאַר איהם, אַז זיי אַלע האָבען אַזוי געווירקט ווייך
צו מאַכען די האַרץ פון דעם בייזען מאַן.. נאָר עס האָט פּאַרט
פּאַסירט, אַז אַנשטאָט צו שלאָגען און זידלען, האָט ער אַראָפּ־
גענומען דעם הוט און געפרעגט, אויב ער וויל וואָס?

ער האָט איהם העפליך אָפּגעדאַנקט. באַמערקט האָט ער,
אַז דער מאַן קוקט אויף דעם מאַרפין שפּריץ.

ער האָט איהם גלייך ווי אַ וועלטליכער מענש, ערקלערט די
ניט אַנגענעמע געשיכטע.

— איך בין אַ באָטאַניקער און האָב געוואָלט דאַ מאַכען אַן
אונטערזוכונג, האָט מען מיר אָבער חושד געווען אין אַזאַ זאַך,
אַז איך בין געוואָרען איבעראַשט.

„אַ, איך בעט אייך הער דאָקטאָר, טוט וואָס איהר געפינט
פאַר נויטיג גאַנץ פריי".

און נאָך אַ פּאָר ווערטער האָט ער געזאָגט וועגען וועטער
און איז אַוועק אַהיים. געהענדיג, האָט ער דער קעלנערין עפּעס
געזאָגט, וואָס דער גאַסט האָט געהערט, און וואָס האָט איהם
געמאַכט אַז ער זאָל זיך באַלד אויפהייבען און לאַנגזאַם אַוועק־
געהן.

— ער האָט געמיינט, אַז איך בין איינער פון די משוגעים. דאָס איז געווען די ישועה. אָבער מעהר אהער קומען קאָן איך ניט.

די 60 סעקונדען ערנידערונג און דעם אויפגעהייבענעם שטעקען האָט ער דאָך פיל שטונדען געפילט. ער האָט ווי געוועגליך, באַשלאָסען, אַז עס איז ניט גלאַט אַזוי. דאָס איז שוין אַ קרינסערקלערונג פון שיקזאַל.

*  *  *

אויף מאָרגען אין דער פרי, שפּאַצירענדיג אין וואַלד און טראַכטענדיג וועגען זיין מזל, האָט ער זיך געפרעגט:

פאַרוואָס האָסטו זיך ניט געשאָסען? יאָ, דאָס קאָן מען נאָר אַזוי ריידען! ער אָבער ווייסט פון ערפאַרונג, אַז סוף כל סוף ענדיגען זיך אַלע שוועריגקייטען און עס ענדיגט זיך גוט.

דאָס רופט מען האָפענונג. און מיט דעם שלעפּט מען זיך ווייטער. אַנדערע זאָגען, אַז די נייגעריגקייט האַלט אויף די מענשען: מען וויל זעהן, וואָס עס וועט זיין ווייטער. פּונקט אַזוי ווי בעת מען לייענט אַ ראָמאַן, אָדער מען זעהט אַ דראַמאַ. עס ווילט זיך וויסען דעם סוף.

קיין צוועק אין לעבען האָט ער ניט געפונען. די רעליגיאָן זאָגט, אַז מען זאָל זיך אויף דער וועלט לייטערן. ער האָט אָבער געזעהן, אַז ווען מענשען זיינען אַריין אין אַ צער, זיינען זיי פון איהר אַרוים ניט בעסער, נאָר אַ סך ערגער. מען ווערט אַפילו טאָלעראַנטער צו מענשען, אָבער די טאָלעראַנץ קומט מעהר פון מאָראַלישער שוואַכקייט. ווען מען האַלט שוין דערביי אַז מען קאָן רוהיג צוזעהן ווי מענשען גיהן אונטער, באַווייזט עס, אַז מען איז שוין אַליין אויך ניט ווייט פון אונטערגאַנג.

אז עס פלעגט אמאל קומען צורייד וועגען דעם אז מען דארף די מענשען ליבען, פלעגט ער ארויסזאגען זיין פעסטע מיינונג:

— ניט איך ליב די מענשען, ניט איך האס די מענשען. נאר איך שלעפ זיך מיט זיי, ווי זיי שלעפען זיך מיט מיר.

ווען ער איז צוריקגעקומען אהיים פון זיינע וואנדערונגען, האט ער געפונען זיין טיר פארשלאסען. מיט א געפיל, אז עפעס וואס האט פאסירט, האט ער אנגעקלאפט און געזאגט זיין נאמען. די טיר האט זיך געעפענט און זיין ווילדע יונגע פרוי איז איהם ארויפגעפאלען אויפ'ן האלז. דאס איז פאר איהם געווען גאנץ נאטירליך, אזוי ווי ער וואלט איהר פארלאזען מיט צוויי מינוטען פריהער. איצט האט ער איהר פון דאס ניי און זי זעהט אויס לעבעדיגער, איינגער, שענער ווי דאן, ווען ער האט איהר פערלאזען. זי האט איהם קיין פארווירפע ניט געמאכט, האט קיינע פראגען ניט געשטעלט, האט קיין ערקלע־רונג ניט געגעבען, נאר א פרעג געטאן:

„האסטו עפעס א סך געלט"?

— אנטקעגען וואס פרעגסטו עס?

„ווייל איך האב א סך, און וויל אין קאפענהאגען גוט אפ־עסען".

צו דעם האט ער אויך מסכים געווען. און פארוואס ניט? צוויי חדשים אפקומעניש איז פארגעסען געווארען, ווי זיי וואל־טען גאר אויף דער וועלט ניט געווען. די שאנד פון א גט, וועגען וועלכען לייט האבען שוין גערעדט, איז ווי מיט רויך אוועק.

— ווען מען זאל מיר פרעגען: איבער וואס מיר האבען זיך געקריגט? וועל איך אליין ניט וויסען איבער וואס.

„איך אויך ניט! און דערפאר וועלען מיר זיך שוין קיינ־מאל ניט שיידען. א טאג ניט זיין בעזונדער, אניט ווערט אלעס צעדרייט.“

— דאס איז די בעסטע זאך — האט ער געמיינט. און זי האט זיך דערמאנט אן דאוועך און אן לאנדאו, ווען זיי זיינען קיין מינוט ניט געווען אליין. און דאריבער איז אלץ געווען פארקערט, אבער זיי האבען דאס ניט גענומען אזוי ערנסט.

— וואס מאכט דער גוטער אלטער ?

„ער האט דיך אזוי ליב געקראגען, אז איך בין געווארען אייפערזיכטיג“.

— איך האב עס פערשטאנען! ווי האט ער דיך בעגעגענט?

„וועגען דעם וויל איך ניט ריידען. עס איז אלץ געווען צוליב דיר און דעריבער האב איך איהם מוחל געווען“.

זיי האבען איבער דעם געלאכט ווי איבער אלצדינג.

„אלזא היינט איז יום־טוב, און מארגען פאר דער אר־בייט“!

VIII.

דער הערבסט האט געבראכט דאס, וואס דער פרילינג האט פארשפראכען אבער ניט ערפילט. זיי האבען געוואנט אין א שיינעם פענסיאן, געהאט צוויי צימערן, הויך אפילו, אבער ליכ־טיג, מיט א שיינעם אויסזיכט אויפ'ן ים. זיי פלעגען זיך טרע־פען מיט זייערע פריינד, ניט זיין שטענדיג אונטער פיער אוי־גען. געלט איז אריינגעקומען. די זון האט געשיינט און דער לעבען איז געווען לייכט.

אזוי האט אנגעהאלטען צוויי חדשים, צוויי אונפערגעסליכע חדשים אהן וועלכע עס איז א וואלקען. זיי האבען געהאט פולען צוטרוי איינער צום אנדערן אהן אייפערזוכט. איינמאל, ווען

זיהאט שפילענדיג זיך געוואלט אין איהם ארויסרופען אייפער־
זוכט, האט ער איהר געזאגט:

— שפיל זיך ניט מיט דעם. און דו מענסט עס אויך ווי־
סען, אז מיט דעם שפיל רופסטו ביי מיר ארויס עקעל און
האס.

זי אליין איז געווען אייפערזיכטיג אפילו צו זיינע מענער־
פריינד. אילמאריין האט זי ארויסגעטריבען. ביים טיש פון פאנ־
סיאן זיינען אויך געווען דאמען, און ווען ער פלעגט ווען עס איז
מיט איינער אנהייבען צו ריידען, פלעגט איהר ווערען איבעל
און זי פלעגט אוועקגעהן פון טיש.

זי האט ניט געצווייפעלט אין זיין טרייהייט, אבער דער
פערלאנג צו הערשען איז געווען אזוי שטארק, אז זי האט איינ־
פאך ניט געקאנט פארטראגען, דאס ער זאל זיינע געדאנקען
טיילען מיט פרעמדע פרויען אדער מענער.

ווען זי האט ביי א פערלעגער אייניגע זאכען פאר איהם
באזארגט, האט זי איבערגעכאפט די מאס און געווארען, אנ־
שטאט זיין מיטהעלפעריו זיין אפעקון.

— דערמאן זיך וואס איך האב דיר געזאגט: וועסטו צו־
פיל אויסנוצען די מאכט, וואס איך האב דיר געגעבען, וועל איך
דיר ארופווארפען אזוי ווי מעןווארפט אראפ טיראנען!

ער האט ניט געצווייפעלט אז זי האט געמיינט גוט. אבער
זי האט ניט געזעהן צו ווייט; און דערצו האט זי צופיל געהאל־
טען פון זיינע פעהיגקייטען, אזוי, אז זי האט איהם פערשאפט
פיל אומאנגענעמליכקייטען. אויך האט ער געלט פארלארען צו־
ליב דעם. אז ער האט אבער ביי איהר דעם רעכט צוגענומען
איז זי געווארען בייז ווי א קינד, האט אלעס צומישט, און נאכ־
הער, ווי אן אומניצליכע זאך, עס אוועקגעווארפען.

עס האט זיך אלזא פארבעריט דאס, וואס עס האט גע־זאלט קומען.

איינמאל א זונטאג אין דער־פרי האבען זיי זיך צעקריגט וועגען וויכטיגע פראגען, ביז ער האט די טיר וואס פירט צו איהר צימער פערשלאסען און איז אוועק. ווען ער איז געקומען צוריק, האט ער געפונען א צעטעלע פו זיין פרוי, אז זי איז צו א באקאנטע פאמיליע אוועקגעפארען און וועט אין אבענט צו־ריקקומען. כדי איהר צו געבען פילען וואס דאס הייסט אזוינס זיין אליין, האט ער אפגערעדט מיט פריינד, דאס זיי זאלען צוזאמען פארברייגנען דעם אבענט.

דער אבענט איז געקומען און ער איז אוועק. אבער שפעטער ווי ביז צען א זייגער האט ער ניט געוואלט בלייבען, און איז אוועק אהיים.

ווען ער האט אבער זיין טיר געוואלט עפענען, האט ער אויסגעפונען, אז די טיר איז געווען פון אינוועניג פארשלא־סען.

— אזוי — האט ער געטראכט — זי וויל מיר צווינגען אין איהר צימער אויסצוהערען א גאנצע דרשה.

ער האט אנגעקלונגען נאך דער דינסט.

„ביין זי איז געקומען ניין א זייגער און איז צוריק אוועק אייך אויפזוכען".

— גוט ! עפען מיר די טיר פון מיין פרוי'ס צימער.

דעם צימער האט מען אויפגעעפענט, אבער די טיר וואס האט געפירט אין זיין צימער איז געווען פארשלאסען פון יענ־נער זייט. ער האט אין דער פריה עס אליין געטאן.

ער האט צונעשלאסען די קארידאר טיר און צוגענומען פאר זיך דער ווייבס צימער.

אין א ווײַלע ארום האט די יונגע פרוי אנגעקלאפט. דער מאן האט דורך דער פערשלאסענער טיר געענטפערט:

— דו קאנסט נעמען מיין צימער... איך דיינק אז דו קאנסט עס עפענען.

זי האט אבער אויך ניט געקאנט עפענען. איז איהר איינגעפאלען א משונענער געדאנק. זי האט האט געמיינט, אז ער האט זיך דארטען מיט א פרוי איינגעשלאסען. זי האט אזא שאנד, נאטירליך, ניט געוואלט אריבערטראגען, און האט געלאזט רופען די פאליציי אונטער דעם אויסרייד, אז א גנב איז געווען ביי איהר אין צימער און פילייכט איז ער נאך ערשט אויף דארט.

די פאליציי איז געקומען. דער מאן האט זיך אנגעטאן און ארייננעלאזען די פאליציי. די טיר צווישען די צימערן האט מען אויפגעבראכען. מען האט אויך די קארידאר־טיר געעפענט.

א דינסט האט זיך אויסגעדוכט, אז מען געהט אויפ'ן דאך. לעבען פענסטער איז געשטאנען א שטול און מען האט געקאנט מיינען, אז אימיצער איז ארויף אויפ'ן דאך. מן הסתם איז דאס דער גנב. אדער די פרוי.

די פאליציילייט זיינען מיט לאמטערנעס ארויף אויפ'ן דאך. די הערען פון פאנסיאן זיינען נאך זיי נאכגעגאנגען. אויף א קוימען האבען זיי דערזעהן ווי א שאטען בעוועגט זיך.

— „דאס איז ער"! האט אימיצער אויסגערופען.

די פאליציי לייט האבען ערקלערט, אז דער דאך איז צו משופה'דיג, און עס איז געפערליך אויף איהם צו געהן: מען זאל רופען די פייערלייט.

דאס אבער האט געדארפט קאסטען 50 קראנען.

די פרוי האט אונטערגשריבען א נאוט, וועלכע דער מאן האט צעריסען.

דערוויילע האט זיך אויפ'ן גאס אנגעקליבען א גאנצע מאַ־סע מענשען. אויף די אנטקעגענדיגע דעכער זיינען אויך ארויף לייט.

„אט איז ער"! האט ווער עס איז א געשריי געטאן.

מען האט געכאפט א יונגען מאן, וועלכער איז, אזוי ווי אלע אנדערע, אויך געגאנגען העלפען זוכען דעם גנב.

א דינסט האט זיך דערמאנט, אז נאכמיטאג איז א ריי־זענדער געקומען און ער שלאפט ערשט אין א צימער אויפ'ן בוידעם; און ער האט געקאנט לייכט פון זיין צימער אריין אין דער פרוי'ס צימער..

די פאליצליים זיינען אריין אין דעם מאן'ס צימער, האבען אלעס דורכגעזוכט, אבער זיי האבען גארנישט געפונען.

זיי האבען אלע אויבערשטע צימערן דורכגעזוכט. אבער זיי האבען גאר ניט געפונען.

ערשט גאנץ שפעט ביי־נאכט איז די פאליציי אוועק.

די פרוי האט געוואלט געבען אן ערקלערונג. אבער דער מאן איז געוועזען צו מיד פון דער גאנצער געשיכטע; און זיהאט גאר ניט געקאנט ערקלערען. אום צו מאכען א סוף צו דעם, האט ער גענומען די פרוי, איהר אריינגעטראגען אין איהר צימער און צום צווייטען מאל פארשלאסען די צווישען־טיר.

די געשיכטע איז קיינמאל ניט געווארען אויפגעקלערט. ער האט ניט געגלויבט אין א גנב, ווארום אין צימער האט גאר ניט געפעלט. די איינציגע ערקלערונג איז געווען וואס די פרוי האט צו פיל טעאטער שטיק געזעהן. וואס זי האט געוואלט דערמיט אויספירען, וועגען דאס נאכצוטראכטען האט ער זיך אפילו די מיה ניט געוואלט נעמען.

ער האט עס אין גאנצען אויסגעמעקט פון זיין זכרון. אויף מארגען זיינען זיי געווען ווידער גוטע פריינד, כאטש ניט אזוי

גוט ווי פריהער.

* * *

ווי אזוי עס ווערט א שפּאַלטונג צווישען מאַן און פרוי, איז נאָך ניט ערקלערט געוואָרען. זיי ליבען זיך, וואַקסען זיך איין צוזאַמען, האָבען ניט קיין פערשידענע אויסזיכטען, ליידען ווען זיי זיינען ווייט איינע פון די אַנדערע, זייער גאַנצער פעראייניגטער „איך" שטרעבט נאָר צום פרידען, ווייל אונטער ניט פרידען ליידען זיי אַם ערגסטען. און דאָך — עפּעס פון ערגעץ וואו הויבט זיך אויף א וואָלקען און אַלץ ווערט פונקט דער הפּוך. די מעלות ווערען אומגעקערט אין חסרונות. שיינקייט ווערט מיאוס. זיי שטעהען ווי שלאַנגען איינע אַנטקעגען די אַנדערע, און ווינשען זיך איין זאַך : צו זיין ווייט איינע פון די אַנדערע; כאָטש זיי ווייסען, אַז ווי נאָר זיי וועלען אויף א מינוט אַוועק איינער פון אַנדערן, וועלען זיי בענקען און ליידען. די שמערצען, וואָס דער אומעט און די בייַנקעניש פערשאַפען, זיינען די ערגסטע אין לעבען.

שווערענבורג איז דער איינציגער וואָס האָט געפּרובירט אין זיין בוך „די פערהייראַטע ליבע" פאַנאַנדערצולאָנטערן די פראַגע. ער האָט אָבער איינגעזעהן, אַז דאַרביי דאַרף מען האָבען אַזוינע הויכע געפילען און בעגריפען, וועלכע דער געוועהנליכער עולם האָט ניט.

עס קאָן פּאַסירען, אַז א פערהייראַטע פּאָר זאָל זיך זעהר ליבען און דאָך שטענדיג פרעגען: פאַרוואָס האַסען זיי איינער דעם אַנדערן? פאַרוואָס לויפען זיי איינע פון די אַנדערע און צו גלייכער צייט זוכען זיי איינע די אַנדערע ? זיי מעגען זיין גלייך אין בילדונג, אָבער דאָס וועט זיין ניט מאַכען קליגער, און ניט גליקליכער.

די ליבע האָט איבערהויפּט אַלע סמנים פון משוגעת. זי

זעהט האלוצינאציעס, שיינקייט דארט, וואו עס איז גאר ניטא. א טיפע מעלאנכאליע בייט זיך אום אין א געהויבענע לעבעדיגקייט און פרעליכקייט. מען האסט אהן א פארוואס. מען ליידעט פון א פערפאלגונגס מאניע. איינעם דוכט זיך, אז דער אנדערער קוקט איהם נאך, שטעלט איהם פאסטקעס, פארפאלגט איהם.

און דאס אלץ האט זיינע גרונדען. די פראגע איז: אפשר פון צוזאמענלעבען בעגרייפט איינער די שלעכטע געדאנקען פון צווייטען נאך איידער זיי ווערען פארטיג, קלאר פאר יענעם אליין? און קיין זאך קאן אזוי ניט באליידיגען א מענשען, ווי ווען דער אנדערער לייענט זיינע אינערליכע געפילען, דאס אבער קאנען נור א מאן און פרוי. זיי קאנען ניט באהאלטען זייערע אינעווייניגסטע געפילען איינער פון צווייטען, און זיי דוכט זיך, אז איינער קוקט נאכ'ן צווייטען.. און זיי טוען דאס טאקע אויך. דאריבער מיידען זיי אויס די בליקען און שטעהען אנמעכטיג איינער געגען דעם אנדערן. זיי האבען איבער זיך א ריכטער, וואס פאר־משפט אין אנהויב יעדען שלעכטען ווילען.

אין איינינע טעג ארום האט מען פעסטגעשטעלט א זאך, וואס אין געוועגליכען פאמיליען־לעבען נעמט מען עס אן מיט געמישטע געפילען. דא אבער איז די פרוי געווארען אויסער זיך:

„דו האסט מיר מיין לעבען רואינירט. איך וועל אראפזינקען צו דער שטופע פון אן אם, און פון וואס וועלען מיר לעבען?“

די אומצופרידענהייט מיט'ן מאן האט זיך פערוואנדעלט אין האס צו איהם. דאס איז געווען די זעלבסטשטענדיגע פרוי. זי האט געשאלטען די נאטור, וואס זי האט די אלע אונאנגענעמליכקייטען געגעבען דער פרוי. זיהאט אבער פארגעסען, אז

פאר דער קורצער צייט פון שמערצען האט זי די העכסטע און לענגסטע פרייד, וואס איז אויך אייביג פאר דעם מאן אומבע־קאנט.

קיין רעדע האט, נאטירליך, ניט געהאלפען. דער לאכען האט אויפגעהערט און עס איז געווארען גאנץ ערנסט. די סצע־נעס זיינען אלץ טראגישער געווארען. גראד אין יענער צייט האט מען איהם געמאכט א פראצעס וועגען זיין בוך, וואס איז ניט לאנג ארויס און וואס מען האט גלייך קאנפיסקירט.

דער הערבסט איז אוועק און מיט איהם איז אויך אוועק די ליכט פון דער זון. עס איז געווארען ענג. די פרעליכע צי־מערן זיינען געווען ניט אויפגעראמט, זיי האבען זיך פער־וואנדעלט אין קראנקענצימערן, און עס איז איהם ענג גע־ווארען.

איהר האס איז אלץ געוואקסען. זי האט ניט געקאנט געהן ניט אין געזעלשאפט, ניט אין טעאטער, אפילו אויפ'ן גאס ניט. מעהר פון אלץ האט איהר אויפגערעגט וואס דער דאק־טאר, וועלכען זי האט גערופען דאס ער זאל פעסטשטעלען א געפערליכע קראנקהייט, האט גאר געשמייכעלט און געזאגט, אז עס וועט זיין אלעס גוט, און געהייסען טרינקען סאדא.

אנשטאט א קלוגע פריינדין, האט ער איצט געהאט א ביי־זע, נאכגעגעבענע, ניט קיין פערשטענדיגע קינד לעבען זיך. און ער האט געגארט פטור צו ווערען פון דער לאגע.. זיי האבען אויפגעהערט צו ריידען: נאר שריפטליך פלעגען זיי לאזען ווי־סען איינער דעם אנדערן וואס זיי האבען געהאט נויטיג.

עס איז דא אזא סארט בייזקייט, וואס מען קאן שווין אנ־רופען געמיינהייט, אדער לומפעריי, אדער ווי איהר ווילט אליין. עס איז שווער דעם פאסענדען נאמען צו געבען. דאס איז דאס וועלען מאן שלעכטס א צווייטען, שאדען איהם אהן אן אור־

זאך און אהן א פארוואס — אזא סארט בייזקייט איז שווער צו פערגעבען.

איין טאג האט ער געפינען א צעטעל אויף וועלכען עס איז געווען אזוינס געשריבען, וואס האט איהר געמאכט ניט אריינצוגעהן מעהר צו איהר אין צימער.

אויף דעם האט זי איהם אנגעשריבען, אז זי פארט מארגען אוועק צו איהרע פריינד.

— א גליקליכע רייזע! — האט ער איהר געענטפערט.

פאר־טאג איז נעבען איהם געשטאנען א ווייסע פיגור, אויס־געשטרעקט די הענט און געבעטען, אז ער זאל איהר מוחל זיין. ער האט זיך ניט גערירט און געלאזען די פיגור שטעהן. זי איז אנידערגעפאלען אויפ'ן פאדלאגע. ער אבער האט איהר גע־לאזען ליגען.

פון וואנען דער ווייכער מאן, וואס איז שטענדיג געווען גרייט צו פערצייהען יעדען, האט גענומען די שטארקייט, די אוממענשליכע הארטקייט, האט ער בשום אופן ניט געקאנט פאר־שטעהן. עס איז געקומען פון דרויסען, אלס א פייערפראבע, וועלכע ער האט בעדארפט דורכמאכען.

ער איז ווידער איינגעשלאפען. האט זיך אויפגעכאפט, אנגעטאן און אריין אין ליידיגען צימער: און דא האט ער דער־פילט דעם גאנצען עלענד זיינעם. אלץ איז געווען פארפאלען. אלץ צו ענדע.

עס האט אויסגעזעהן ווי די בלוט וואלט ביי איהם פון אפנע אדערן גערונען; דאצו די ליידען פארוואס ער האט איהר ניט מוחל געווען.

זיך געקומען און אין זיין צימער אוועק. ער האט דאן בע־

ער האט באדארפט פיל קראפט אנווענדען ביז ער איז צו

שלאסען נעמען דעם ביטערן טרונק. ער איז אוועק צוריק אין

זיין לאנד, פון וואנען ער איז געווען ארויסגעשיקט.

IX.

אז ער איז געקומען אויפ'ן שיף, וועלכע איז נאך קריסטיא־ניא געפארען, האט ער אנגעשריבען א בריף צום קאפיטאן, איז ארויף אופ'ן דעק מיט א רעוואלווער און געוואלט זיך דארט נעמען דאס לעבען.

פארוואס האט ער עס נים געטאן? זאל ענטפערען דער, ווער עס קאן!

ענדליך איז ער געווען אין א האטעל פון א קליינער שטאדט. און פאר וואס האט דוקא דארט בעדארפט זיין לאים מיט איהרע אייגענע און פריינד, און פארקערען אין די קרייזען וואו ער? דאס האט ער געהאלטען פאר א געמיינהיים פון זיין שיקזאל, ווארום אין דעם פאל האט ער זיך געפילט גאר אומשולדיג.

ער איז געווען ווי אין א מוראשניק אין א פרעמדען, פיינד־ליכען לאגער; און דריי טעג נאכאנאנד האט ער זיך גע־פרעגט:

— וואס האב איך דא צו טאן?

און פלעגט זיך אליין ענטפערן:

— דא, אדער אנדערשוואו, וואס האסטו איבערהויפט צו טאן?

און ער איז געבליבען.

דריי טעג האט ער זיך געפרעגט:

— וואס האסטו אין לעבען צו טאן?

ער האט געפרעגט:

וואו? וואוהין? נאך וואס?

און אלס ענטפער איז דער רעוואלווער געלעגען אויפ'ן טיש.

האמבורג, לאנדאן, ריגע, זיינען געווען אנגענעמע ערי־

נערונגען געגען דעם איצטיגען פלאץ. ער האט זיך נאר גע־וואונדערט ווי דער שיקזאל נעפינט פאר איהם אוים אלץ שרעק־ליכערע און שווערערע לאגעס. זיין צימער איז איצט געווען איינג, אומעטיג און אומבעקוועם. די הארץ האט איהם ווידער געזאגט, אז פון דעם צימער וועט ער קיין לעבעדיגער ניט ארוים. און דא דארף ער פערבלייבען.

ער האט פערלארען די פעהיגקייט צו האפען. אלץ איז ביי איהם איינגעזונקען. אויפ'ן פערטען טאג האט ער ערהאלטען א בריף פון זיין שוועגערין אין וועלכען זי האט איהם גע־שריבען, אז די פרוי פילט גוט, און מאכט איהם א פארשלאג. דאס ער און זיין פרוי זאלען דעם ווינטער זיין אין א קליינע שטאדט לעבען איהרע עלטערן, כדי מען זאל איהר קאנען זעהן און העלפען מיט עצות ביי איהר איצטיגער לאגע.

עס איז אלזא נאך ניט דער סוף! און די קוואלען פון טויט וואס ער האט ערשט דורכגעלעבט איז געווען אומזיסט! ער האט ניט באדארפט אזוי פיל ליידען כדי צו פילען, אז זיין פרוי פעלט איהם! עס איז נאך ניט אוים. ער לעבט ווידער!

א בעווייז ווי נאהענט ער איז געווען צום טויט איז געווען וואס די צייטונגען האבען אין זעלבען טאג געשריבען, דאס ער איז געשטארבען. ער האט עס אבגעלייקענט מיט א גאליגען. וויצינגען ארטיקעל.

נאך דריי טעג האט ער זיך געקוועלט, ווייל ער איז ארומ־געלאפען געלט קריגען אויף די רייזע.

* * *

ווען דער צוג האט זיך אפגעשטעלט אויף דער קליינער סטאנ־ציע איז דאס ערשטע וואס ער האט דערזעהן, געווען זיי פרויס בלאסע געזיכט. די ליידען האבען עטוואס אוועקגענומען פון איהר שיינקייט, אבער זי האט געהאט א פארטרויערטען, אנגע־

נעמען אויסזעהן; און אז זי האט איהם דערזעהן האט איהר גע־זיכט אנגעהייבען צו שטראלען.

— זי ליבט מיר, האט ער צו זיך געזאגט. און ער האט ווידער אויף אז אמת בעקומען לעבען אין זיך.

— ווי פילסטו? האט ער שטיל געפרעגט.

„גוט! איצטער, זעהר גוט"! האט זי געמורמעלט שטיל; און ווי א קינד איינגעגראבען דעם קאפ אין זיין פאלעריגע און געקושט דעם זוים..

— וואס טוסטו? וואס טוסטו?

און זי האט נאך טיפער איינגעגראבען איהר קאפ, כדי ער זאל נים זעהן וואס זי טוט.

זיי האבען געדונגען צוויי צימערן, וועלכע זיינען געווען גאנץ ארעם מעבלירט. דערצו איז איין צימער געווען פינסטער־לאך און דער אנדערער איז געווען נים קיין בעקוועמער. די פענסטער זיינען ארוים צו א פאבריק. די פרוי האט געארבייט אין קיך. זי האט זיך אונטערגעגעבען. איהרע מוטערגעפילען האבען ערוואכט.

ער האט זעהר פיל געליטען וואס זי איז געווען דעם גאנ־צען טאג באשעפטיגט מיט דער קיך, מיט'ן אויווען, מיט וואשען געשיר. ער האט זיך געפילט שולדיג און דאס האט איהר אפט געקריינקט.

ווען ער פלעגט איהר וועלען העלפען אין וואס עס איז, א וועלכע עס איז משא טראגען, פלעגט זי נים וועלען און נים לאזען איהם דאס טאן. זי האט נים געוואלט מען זאל איהם זעהן ביי א ווייבערשע ארבייט... און זי האט נים געקאנט פאר־טראגען קיין קלייניגקייט וואס ער פלעגט טאן. ביי זיי איז געווען פאלשטענדיג רוה. איין טאג איז געגאנגען נאכ'ן אנ־דערן, איינער גלייך ווי דער אנדערער. זיי זיינען געווען אונטער

פיר אויגען, האבען מי.ג קיינעם ניט פערקערט, האבען איז ער־גען ניט פארבראכט.

איז אבער די ארימקייט געקומען. זיין פראצעס האט אפ־געשראקען די פערלעגער און די טעאטער מענעדזשערס. און דאס ערגשטע איז געווען, וואס ער האט ניט געקאנט שרייבען.

וואס ער האט יא געקאנט שרייבען, האט ער ניט געוואלט ווארום ער וואלט באדארפט אנגרייפען א פאמיליע, וואס האט איהם גוטעס געטאן און ועמען ער איז א דאנק שולדיג. ערשט אז ער האט באדארפט פערזארגען צוויי פאמיליעס, האט ער זיך דערשראקען פאר דער צוקונפט מיט איהרע פליכטען און איהם איז נמאס געווארען זיין פראפעסיע אלס שרייבער.

וואס פאר א ביטערערע פראפעסיע. פון דיינע מיטמענשען אראפציהען די פעל און דאן לאזען וויסען, אז דו ווילסט מען זאל עס קויפען: פונקט ווי דער יעגער, וועלכער האט אין נויט פון הונגער אפגעהאקט דעם עק ביי זיין הונד און נאכהער אליין געגעסען די פלייש און דעם הונד האט ער געגעבען דעם ביין, זיין אייגענעם ביין. אויסצושפיאנירען די געהיימניסע ביי מענשען, אויסצוגעפינען און פעראטען די פארבעהאלטענסטע זאכען ביי פריינד און עס ארויסטראגען אויפ'ן מארק, פערקויפען — פע...

אין דער פערצווייפעלטער לאגע האט ער זיך אוועקגעזעצט און אנגעשריבען אן איבערבליק איבער די הויפטעפאכען פון דער וועלטגעשיכטע, גלויבענדיג, אדער איינריידענדיג זיך, אז ער וועט מיט דעם זיך דורכשלאגען א נייעם וועג, דעם וועג פון א היסטאריקער, וואס ער האט געוואלט זיין אין דער יוגענד, נאך איידער ער איז א דיכטער, א שרייבער געווארען.

זיין פרוי האט געוואוסט וואס ער האט געשריבען; זי האט אויך געוואוסט אז קיין געלט וועט דערפון ניט זיין, אבער זי האט זיך איינגעהאלטען, ניט בעקלאגט זיך. פארקערט, זי האט

איהם אויפגעמונטערט און זיך אליין אנגעבאטען צו איבערזעצען די ארבייט אין ענגליש.

איין חודש איז אוועק שטיל, אין פרידען, אבער טרויריג. זיי האבען געפילט, אז עס פעלט זיי וואס אין דער איינזאמקייט און אז זייביידע קאנען עס ניט אנפילען. זיי האבען גערעדט וועגען דעם, אבער ניט געזוכט קיין געזעלשאפט. ער מיט זיין גרעסערער ערפארונג האט געהאפט, אז דאס קינד וועט זיי געבען דאס וואס עס פעלט און וועט זיי צופרידענשטעלען.

די ארימקייט האט זיך אלץ נאהענטער גערוקט. מען האט קיין איין זאך ניט געשפילט, קיין איין זאך ניט פערקויפט; און פון אלע ראזעווע האפענונגען פון פרילינג איז געווארען גארנים. די קינדער פון דער ערשטער פרוי האבען געבעטען געלט און אין שטוב איז קוים געווען וואס אפצועסען. דא איז אבער געקומען די ישועה. דער פרוים זיידע און באבע האבען זיי גערופען צו זיך אין הויף אויף ווינטער.

X.

אין אן אבענט אין דעצעמבער זיינען זיי אראפ אויף א סטאנציע, און דאן מיט א וואגען, דורך פעלדער און וועלדער, געפארען און געקומען אין „איינעדען", צום זיידען.

אלץ איז געווען נייע און וואונדערבאר. אט דארף ער נאר דא זיין און וואנען אין דער הויז ווי א אייניקעל, פונקט ווי פאר א־יאהרען זומער. ווען ער איז געווען אכט טאג ביי די עלטערן ווי א קינד.

אז זיי זיינען געקומען, איז געווען האלב טונקעל. זיי האבען באדארפט אריבערפארען א וואסער צוצוקומען צו דער געביידע, וואו די גרויס־עלטערן האבען געוואנט. עס האט אויף זיי שוין געווארט א שיפעל.

אז זיי זיינען געקומען אויף דעם צווייטען ברעג, זיינען זיי גלייך אריין אין הויז. מען האט זיי געפירט איבער ווייסע טרעפ. אויף די ווענט זיינען געהאנגען טונקעלע בילדער אין שווארצע ראמען. דאן האט מען זיי אריינגעפירט אין א וואַרימען זאל צווישען פריינד, פון וועלכע ער האט געקענט נאר די שווינער.

ער האט דורך זיין קלוגע האלטונג באלד געפילט זיך ווי אין דערהיים, אבער מיט רעספעקט צו די אלטע.

דא האט זיין זעלבסטגעפיל אויפגעהערט. ער האט באַדארפט פאלגען פרעמדע געוואנהייטען, נייגונגען א. אז. וו. ער האט שוין פאראויס באשלאסען אויסצומיידען די אונאנגענעמליכקייטען, און אננעמען פאר גוט אלעס, וואס עס וועט דא פארקומען, אפילו אויב עס וועט זיין ווער ווייסט ווי שלעכט.

דער אלטער זיידע איז געווען אן אדוואקאט און האט געהאט א גרויסען פארמעגען, ווען ער האט זיך צוריקגעצויגען פון דער ארבייט. ער האט געקויפט לאנד און זיך געלעבט אין פארגעניגען. אריבער זיבעציג זיינען זיי שוין ביידע אלט געווען. און ביידע, ווי עס ווייזט אויס, האבען געווארט אויף'ן טויט. זיי האבען שוין אפילו אויפגעבויט א מויערל, און אלעמען געוויזען, וואו זיי וועלען רוהען, ווי אנדערע ווייזען א זומערוואוינונג.

אין הויז איז געווען פון אלדעם גוטס. נאכדעם ווי זיי האַבען פריהער כמעט געהונגערט, איז ערשט פאר זיי געווען א גן־עדן. דאס עסען איז געווען גוט, אזוי גוט, אז עס איז געווארען פאר זיי א שטראף.

עס האט געהערשט רוהיגקייט. די רוהיגקייט פון עלטער. מען האט פאר קיין זאך ניט בעדארפט זארגען, ניט באדארפט טאן. זיי האבען געלעבט אין א הויז, וואו עס איז געווען אזוי פיל דינסטען, וויפיל הערשאפטען. מיט די אלטע פלעגט זיך

די יונגע פּאָר נאָר ביים עסען טרעפען, ווייל זיי האבען געהאט א בעזונדערע וואָנונג.

די יונגע פרוי איז ערשט גאָר אין גאנצען געוואָרען א מו־טער, פלעגט ריידען פון דעם ניט געבאָרענעם קינד ווי פון א באקאנטען. זי איז געוואָרען אזוי מילד, ווייבליך, אזוי איבער־געגעבען זאָגאר דאנקבאר צום מאן. דעם מאנס געפילען זיינען געווען דיזעלבע, כאָטש זי איז געוואָרען אָפּגעבליאקירט..

„ווי שיין איז דער לעבען"!

— מעהר. אָבער ווי לאנג וועט עס אָנהאלטען.

— „שטיל"!

— איך וועל שווייגען. אָבער דו ווייסט, אז פּאָר גליק ווערט מען באשטראָפט!

קיינער האָט ניט געפרעגט וואָס ער טוט: פאַרקערט, ער האָט נאָר געהערט:

„דו זאָלסט גאָר ניט טאָן, רוה זיך אוים פון דיינע ווילדע יאָגענישען".

ער האָט דערפאַר אויסגעשריבען זיינע ביכער, וואָס ער האָט באקומען מיט אייניגע יאָהר צוריק פון א רייכען מאן, און וואָס ער האָט געהאט איבערגעלאָזען אין זיין היימאָט: און דאן האָט ער אָנגעהויבען צו מאַכען אונטערזוכונגען, האָט שטו־דירט און געשריבען.

ער האָט דערפילט אין זיך א נייעם לעבען, און א גרויסען אינטערעס צו שטודיום. און שטודירענדיג האָט ער איינגע־זעהן דאָס ער ארבייט נאָך א ריכטיגער מעטאָדע און האָט גע־פונען דעם ריכטיגען וועג.

דאָס האָט איהם געגעבען אזא זיכערהייט, אז ער האָט זיך געפילט ווי אויף א פעסטען באָדען. דאָך צו געבען פאַרשטעהען צו די אַרומיגע האָט ער ניט געקאָנט, דערפאַר וואָס זיי זיינען

ניט געווען געגוג געבילדעט. זיי האבען איהם אבער געגלויבט אויפ'ן ווארט. געוואוסט האט ער, אז אזא גלויבען האלט ניט לאנג. כל זמן עס איז שא און שטיל, איז אלעם גוט; אבער ווי נאר ער פערלירט עטוואס סיימפאטיע ביי זיי, וועלען זיי איהם אויסלאכען, און ער וועט זיך אפילו ניט קאנען פארענטפערן.

דער אלטער איז געווען א גאנץ געבילדעטער מאן און האט געוואלט וויסען, וואס טוט די יונגע פאר. ווען ער פלעגט פרעגען, פלעגט מען איהם געבען ניט נאר קיין קלארע ענטפערס. ער איז אבער געווען אן אדוואקאט און האט פערלאנגט קלארע דבורים. ווען ער האט איהם ערקלערט, וואס ער אונטערזוכט, האט דער אלטער עס געמאכט צו גארנישט. כדי זיך אומזיסט ניט צו קריגען, האט דער אינגערער איהם צוגעגעבען, אז ער איז גערעכט. דער אלטער האט איהם אבער ניט נאכגעלאזען, גערייצט מיט זיינע ערקלערונגען, און געווארען פרעך.

דעם מאל האט אקסעל דורכגעלאזען און געשוויגען. זיין פרוי האט איהם זעהר געדאנקט און זיך געוואונדערט, ווי ער האט זיך באהערשט. אבער עס איז דאך געווען אפנים באשערט, אז מען זאל זיך מיט'ן אלטען פאנאנדערגעהן.

דער פראצעס אין קאפענהאגען האט זיך געלאזט חרען וייט אריבער דעם גרענעץ. און אין א שענעם פריה־מארגען איז געקומען א מאן איהם רופען צום געריכט אין דער נעכסטער שטאדט. אזוי ווי ער האט דעם גאנצען פראצעס געהאלטען פאר ניט ריכטיג, ווייל אלם נארוועגישער שרייבער איז ער ניט פאראנטווארטליך פאר א דענישע איבערזעצונג, דערפאר האט ער אויסגעמידען צו קומען צום געריכט. דער אלטער איז אבער באשטאנען אויף דעם, ער זאל יא געהן צום געריכט. עס קאן זיין אז ער האט עס געפאדערט דערפאר, וואס ער האט איהם פיינט געהאט, און האט זיי ניט געוואלט זעהן ביי זיך אין הויז.

כדי צו מאכען א סוף צו דעם, האט אקסעל באשלאסען אין א פרימארגנען אוועקצוגעהן אין געריכט און דארט אליין אויס־קעמפען פאר זיך גערעכטיגקייט.

8 א זייגער אין דער־פריה איז ער אוועק און איז געגאנגען מיט'ן וועג ביים וואסער, וועלכער איז געווען זעהר שיין. דארף טרעפען, אז ער זאל אויפ'ן מיטען וועג באגעגענען דעם בריף־טרעגער, און יענער זאל איהם איבערגעבען א לאנגערווארטעטען בוך.

דער בוך איז געווען זעהר א טייערער: און אזוי ווי ער האט קיין געלד ניט געהאט, האט ער א גאנצען מאנאט דעם קאפ גע־בראכען ווי דעם בוך צו קריגען, ביז ער האט זיך דערמאנט, אז ער האט געלאזען א קאסטען מיט זאכען אין איינעם פון זיינע צימערן, און ער האט געבעטען זיינעם א פריינד די זאכען צו פארקויפען און פאר די געלט צו קויפען דעם בוך און איהם צו־שיקען. ער האט באדארפט עפעס אויסגעפינען.

ערשט, אז ער האט דעם בוך געהאט אין די הענט, איז איהם ליכטיג געווארען, און ער האט, גאר ניט טראכטענדיג, גענומען און אומגעקערט זיך צוריק.

ערשט גיב איך דעם קלאפ, און זאלען די זשאנדארמען קו־מען שפעטער.

אז ער איז אין הויף אריין איז דער אלטער געשטאנען און האט עפעס צעטיילט. אקסעל האט זיך געוואלט ארייב־גנב'נען. מען זאל איהם ניט באמערקען. אבער עס האט זיך איהם ניט איינגעגעבען.

„ביסטו שוין געווען ביים ריכטער"? האט ער צווייפלענ־דיג א פרעג געטאן.

— ניין ! האט אקסעל געענטפערט גראב און איז ארויף אויבען.

ער איז אריין צו זיך אין צימער און האט פערשפארט די טיר. דאן האט ער זיך געזעצט לעזען דעם בוך.

—אין א האלבע שטונדע — האט ער צו זיך געזאגט — וועל איך לייזען די גרעסטע פראבלעמע פון איצטיגער צייט.

אימיצער האט געקלאפט אין טיר.

מען האט ווידער און שטארק געקלאפט. ער האט געמוזט עפענען כדי מען זאל איהם לאזען צורוה.

„פארוואס געסטו ניט צום ריכטער"?

— דאס איז ניט דיין זאך! איז געוועזן דער ענטפער, און ער האט אזוי שטארק צוגעמאכט די טיר, אז עס האט דער־לאנגט א קלאפ ווי מען וואלט אויסשיסען.

מיט'ן פרידען איז געוועזן אויס! ער האט געפילט, אז זיין גורל בייט זיך און ער האט געהערט שטימען פון אונטען. די האנט האט געציטערט. ער איז געוועזן ווי פאראליזירט. דעם בוך האט ער צוגעמאכט. אין דער מינוט האט ער דעם גלויבען פאר־לארען, אז ער וועט וואס אויסגעפינען.

אין א פאר מינוטען ארום איז די שווינער ארויף. זי איז ניט געוועזן בייז; אבער עס איז איהר געוועזן ניט אנגענעם איהם צו זאגען, אז ער און זיין פרוי דארפען ארויסקלייבען זיך פון הויז און ...קע באלד, אפילו פאר'ן מיטאגעסען. זיי קאנען, אויב זיי ווילען נעמען איהר הייזעל וואס איז אין גארטען. און עסען זאלען זיי שיקען נעמען אין דער גרויסער הויז.

די יונגע פרוי איז געוועזן זעהר צופרידען, וואס זיי וועלען האבען אן אייגענע הויז; און גראדע די הויז מיט אן אייגענעם גארטען און סאד.

זיי האבען זיך אריבערגעקליבען אין דער קליינער הייזעל. און עס האבען זיך אנגעהויבען דארט די דריי שענסטע חדשים פון זייער צוזאמענלעבען.

די הייזעל איז געווען פון גרויע שטיינער מיט קליינע פענ־סטער. די ווענט באצויגען מיט ווייטנטרויבען. עס האט אויס־געזעהן זעהר צירליך. די ווענט אין די צימערן זיינען געווען געקאלכט. דער באלטען נידעריג און די גרויסע באלטענס זיינען פון דער צייט שווארץ געווארען.

ער האט געהאט א קליינעם צימער, שמאל, לאנג, מיט א קליינעם פענסטער אויף דער שמאלער זייט. די ווענט זיינען געווען אזוינע ברייטע, אז בלומען־טעפּ האבען געקאנט שטעהן פוןביידע זייטען פון פענסטער אינווייניג און אויסווייניג. די מעבעל איז געווען זעהר אלטע און צוגעפּאסט זיך צו אלץ ארום.

דא האט ער אויפגעשטעלט זיינע ביכער, און האט זיך זעהר גוט געפילט.

דא האבען זיי זיך צוגעגרייט צום געבורט פון קינד. דער מאן און די פרוי האבען אפגעפארבען די טירען און די פענ־סטער. זיי האבען בלומען פערפלאנצט פאר'ן אריינגאנג. דעם גארטען האבען זיי צעגראבען און באזייט.

אויף די גרויסע, ווייסע ווענט האט ער אייניגע בילדער אויס־געמאלט.

אז עס איז אלץ געווען פארטיג, האבען זיי זיך אליין גע־וואונדערט וואס זיי האבען אויפגעטאן.

„שיין איז עס ! און ערשט וועלען מיר ווארטען אויפ'ן קינד".

זיי האבען געווארט און געהאפט. אין די אבענטען פלעגען זיי ריידען פון „איהם" אדער „איהר", פלעגען וועלען טרעפען וואס פון די ביידע וועט עס זיין, וואס פאר א נאמען וועט מען עס געבען, און ווי עס וועט אויסזעהן. די פרוי האט זעהר גע־וואלט, אז דאס קינד זאל זיין בלאנד און זאל זיי ענליך צו זיין אינגעל, וועלכען זי האט זעהר ליב געהאט.

זי און איהר גאנצע פאמיליע האבען זעהר האלט געהאט בלאנדע. צי זאל עס זיין דערפאר, וואס בלאנדע דערמאנען אן ליכט. ווערענד שווארצע אן פינסטערניש, איז שווער צו זאגען. זיי האבען בלאנדע צוגעשריבען אלדעם גוטס. זיי פלעגען ווענען אידען אויך זעהר שלעכט זיך אויסדריקען. כאטש דעם שווערס מוטער איז געווען אליין א אידישע, איז ביי דער שוויגערס פא־מיליע א איד געווען א שימפווארט. דער שווער איז געווען אפילו אן אנטיסעמיט, און אז אקסעל האט דורך דעם צופאל געלאכט, האט די פרוי איהם אפגעהאלטען:

„דו דארפסט ניט לאכען איבער דעם, לאז עס איבער צו אונז".

XI.

ענדליך אין מאי, נאך צוועלף שרעקליכע שטונדען, האט זיך דער אומבעקאנטער, לאנגערווארטעטער גאסט באוויזען אין דער געשטאלט פון א מיידעלע מיט ניט קיין טונקעלע האר.

דאס האט געדארפט מאכען די אידיליע פארפול, איז אבער געווען פארקערט.

דעם קינד, ווי עס שיינט, איז ניט געווען געפעלען די וועלט; און עס האט געשריען ביי־טאג און ביי־נאכט. מען האט געגומען אמען און אוועקגעשיקט. פינף פרויען זיינען געווען אין דער קליינער הייזעל און אלע האבען געהאט פארשידענע מיי־נונגען ווי צו שפייזען דאס קינד. דער פאטער איז ארומגעגאנגען ווי א פערברעכער און איז שטענדיג געווען אין וועג. זיין פרוי האט באמערקט אז ער האט דאס קינד ניט ליב; אין דאס האט איהר אזוי געקרייגקט, אז זי פלעגט אמת ליידען, ווען זי פלעגט עס זעהן.

זי איז אבער אין גאנצען געווארען א מאמע. זי האט גע־האט דאס קינד ביי זיך אין בעט און פלעגט קאנען א האלבע

נאכט אפזיצען אויפ'ן שטול און באוואונדערן די שיינקייט פון דעם שלאפענדיגען קינד. אפט פלעגט ער אויך מוזען קומען און באוואונדערען. ער פלעגט אבער אמשענסטען געפינען די מוטער, וועלכע פלעגט זיך אן אלץ פארגעסען און מיט א גליקליכען שמייכעל קוקען אויפ'ן קינד.

די באפעלקערונג אין יענער געגענד איז געווען זעהר רעליגיעז, און דאס וואס דאס קינד האט אזוי געשריען, האט דער עולם אנגענומען, ווייל מען האט עס ניט געטויפט.

לויט דעם געזעץ נאך האט דאס קינד בעדארפט זיין געטויפט אין דערזעלבער רעליגיאן, צו וועלכער דער פאטער געהערט. אזוי ווי די עלטערן זיינען געווען צו דעם זעהר גלייכגילטיג, האבען זיי דאס קינד ניט געטויפט.

דאס קינד פלעגט טאקע שרייען; און איינמאל איז צו זיי געקומען די שווינער און געבעטען מען זאל דאס קינד טויפען? אז ניט וועלען די לייט פארווארפען די הויז מיט שטיינער.

די יונגע האבען ניט געגלויבט און געשמייכעלט.

דער טומעל ביי די פויערים האט ניט אויפגעהערט. זיי האבען ארויסגעלאזען א קלאנג, אז דער יונגער הער איז אן אטעאיסט, און ווען מען פלעגט איהם טרעפען, פלעגט מען אפסקערען דעם קאפ און אויסשפייען דריי מאל.

ענדליך האט דער אלטער זיך געלאזט הערען און געפאדערט מען זאל דאס קינד טויפען, אז ניט וועט ער זיי ארויסווארפען פון דאנען.

אויף דעם האט דער יונגער מאן געענטפערט:

„מיר, פראטעסטאנטען, זיינען זעהר געדולדיג צו אנדערע רעליגיאנען. מאכט מען אבער די רעליגיאן פאר א געלט־זאך, דאן קאנען מיר אויך זיין אזוי פאנאטיש ווי די אנדערע".

די לאנגע איז א שרעקליכע. די יונגע האבען קיין סענט ביי זיך ניט געהאט, אויב עס זאל אויסקומען צו פארען: און דער אלטער האט געענטפערט מיט א פאר ווערטער:

„אויב אזוי איז ארוים פון דאנען“.

גאר אומגעריכט איז פאר איהם געווען דער גאנצער רעלי־גיעזער צוזאמענשטויס. דערצו נאך צו זיין א מארטירער פאר א רעליגיאן, וועלכע דו האסט ניט ליב, איז זעהר א קאמישע לא־גע. דאך ער האט זיך ניט געוואלט אונטערגעבען און האט גע־סטראשעט, דאס ער איז א נארוועגישער אונטערטאן: און דער־פאר וועט ער, צוזאמען מיט זיין באגאזש, צונעמען די טאכטער אויך.

דער שרעק אז ער וועט צונעמען די טאכטער, האט ווייבער געמאכט די הערען פון גרויסען הויז.

דאס קינד האט מען ערקלערט קראנק און יעדען טאג אלץ ערגער. איינמאל האט איהם די שוויגער געזאגט, אז דאס קינד וועט מעהר ניט לעבען.

ער האט ניט געגלויבט.

און אז ער איז צוריקגעקומען דעם זעלבען טאג פון שפא־ציר אין וואלד, האט איהם זיין פרוי געזאגט, אז זיי האבען אין אנוועזענהייט פון דאקטאר געמוזט טויפען דאס קינד: און גע־טויפט האט איהם די הייבאם.

— אין וועלכען גלויבען? האט דער פאטער געפרעגט.

„פארשטעהט זיך, אז אין פראטעסטאנטישען גלויבען.“

— דאס פערשטעה איך ניט. די הייבאם איז דאך א קא־טאלישע!

אבער ער האט אז דער געזיכט פון זיין פרוי באמערקט, אז זי איז אויך געווען געגען איהם און מיט די אלטע, און ער האט געשוויגען.

אויך מארגען האט מען שוין מעהר ניט גערעדט פון ארויס־
ווארפען. זיי האבען געזיגט.

XII.

דאס, וואס האט געוואלט די עלטערן מעהר צוזאמענבינדען.
האט זיי, אנשטאט דעם, אלץ מעהר דערווייטערט.

די מוטער האט אויסגעפונען, אז דער פאטער איז קאלט
צום קינד.

„דו האסט דיין טאכטער ניט ליב“!

— איך ליב זי יא, אבער ווי א פאטער. און דו ליבסט
ווי א מוטער. דאס איז דער אונטערשייד.

די זאך איז אויך געווען די, וואס ער האט מורא געהאט צו־
צובינדען זיך שטארק צום קינד, ווייל ער האט געפילט אין
דער לופט, אז מיט דער מוטער וועט ער זיך פאנאנדערגעהן;
און צוליב דאס קינד צו זיין צוגעבונדען, דאס וואלט געווען
ערגער ווי אין קייטען.

זי ווידער, האט אליין ניט געוואוסט וואס זי וויל. זי האט
מורא געהאט, טאמער האט ער דאס קינד ליב, וועט ער ביי
איהר עס צונעמען, וואו ער וועט אוועקגעהן. און אויב ער
האט ניט ליב דאס קינד, האלט איהם דאך קיין זאך ניט, וועט
ער פשוט נעמען און אוועקגעהן. אז ער וועט אוועקגעהן, האט זי
אויך געפילט.

אין פאריז האט זיין א דראמא אין פרילינג געהאט א
גרויסען ערפאלג, און נאך איינע האט מען בעדארפט שטעלען
אין הערבסט. ער האט געוואלט זיין דארט און זי אויך. איהר
האט אבער דאס קינד געשטערט צו פארען, און זי האט גע־
וואוסט, אז אויב ער פארט אליין אוועק אין פאריז, וועט זי איהם
צוריק ניט זעהן.

ער פלעגט קריגען בריף פון פראנקרייך. זי איז זעהר נייגעריג געווען צו וויסען וואס איז זיי שטעהט, אבער ער האט זיי גלייך פארברענט. דאס, וואס ער האט פארברענט די בריף, האט איהר ארויסגעבראכט פון געדולד.

„דו קלייבסט זיך וואו צו פארען?" — האט זי איהם איין מאל אין אבענט א פרעגט געטאן.

— יא, געווים, — האט ער געענטפערט — איך קאן אזוי ניט לעבען. איך בין דאך דא ניט זיכער מיט'ן מארגענדיגען טאג. מען קאן מיך ארויסזעצען אלע ווייל אופ'ן נאס.

„ווילסטו אונז פארלאזען ?"

—צוערשט מוז איך אייך איבערלאזען, איינארדענען מיינע געשעפטען אין פאריז; און א געשעפטסרייזע הייסט דאך ניט „פארלאזען".

„יא, אויב אזוי, קענסטו געהן!" האט זי זיך אן דעם אנגעכאפט.

—איך וועל געהן, ווי איך וועל נאר די געלט קריגען, אויף וועלכע איך ווארט איצט.

איצט האט די מכשפה זיך ווידער אין איהר באוויזען. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס זי מיט'ן קינד האבען געהאט צוויי צימערן, האט זי דעם שענסטען צימער אויך רואינירט, האט אראפגעריסען די בילדער, אראפגענומען די גארדינען, האט אנגעהאנגען קינדערשע זאכען, אנגעשטעלט פלעשלאך, האט געמאכט אזוי, אז מען האט אין צימער ניט געקאנט ארייננגעהן. ער האט זיך באדארפט אריבערקלייבען אין א צימער אויפ'ן סאלקע.

דא האט זי איהם גענומען געבען שלעכטע עסען, צוגעברענטע,ביז, ענדליך,זי האט איינמאל פאר איהם אוועקגעשטעלט א טעלער מיט ביינער, וואס הינט האבען בעדארפט עסען, אדער

האבען שוין געגעסען, און דערצו א קרוג וואסער. דאס איז שוין געווען א צו אפענע האס, ווארום די קעלערס זענען געווען פול מיט ביר און קיין איין דינסט האט צום עסען קיין וואסער ניט געטרונקען. איהם אלזא האט מען געהאלטען נידעריגער ווי די דינסטען. ער האט געליטען און געשוויגען, ווייל ער האט גע־וואוסט, אז די רייזעגעלט וועט קומען. אבער ביי איהם איז דער עקעל צו איהר געווארען אזוי גרויס ווי ביי איהר דער האס צו איהם. ער האט ערשט געלעבט אין שמוץ און בייזקייט, גע־הערט קריגערייען פון דער פרוי מיט דער אם, מיט דער דינסט, מיט דער מוטער, און דאס קינד האט אלץ געשריען.

ער האט געקראנקען היץ און אן ענטצינדונג אין האלז, האט בעדארפט בלייבען אויבען ליגען אין בעט. זי האט ניט געגלויבט, אז ער איז קראנק און האט איהם געלאזט ליגען.

אויפ'ן דריטען טאג האט ער גערופען א דאקטאר, ווייל ער האט אפילו קיין וואסער ניט געקאנט אראפשלינגען. דאן האט זיך די פרוי באוויזען אין טיר:

„האסטו דאס געשקיט נאכ'ן דאקטאר? ווייסטו וואס זיין וויזיט קאסט?"

—עס וועט אלץ זיין ביליגער ווי מיר צו באגראבען. און ווייטער קאן עס אמאל זיין דיפטעריט, וואס איז פאר'ן קינד געפערליך.

„טראכסטו דען וועגען קינד"?
יא, אביסעל!

— אז זי וואלט מיר ערשט קאנען אין ים אריינווארפען, וואלט זי עס געטאן. דאס קינד, דאס קינד איז געווען אין געפאר. זי האט איהם בעהאנדעלט ערגער ווי א פעסטקראנקען.
— איך האב פיל איבערגעלעבט — האט ער זיך געטראכט.

אבער איך האב נאך ניט געזעהן אזא סארט בייזקייט ביי א מענשען.

און ער האט געוויינט, צום ערשטען מאל זייט צוואנציג יאהר, פיליכט. ער האט געוויינט איבער זיין ערנידערונג און איבער זיין מזל.

ווען ער האט באטראכט זיין לאגע, איז ער א פארציטערטער געווארען: א מענש מיט א גרויסען נאמען, אין זיין פאך א בארימטער, דארף אזוי ליידען, אזוי לעבען, אז די דינסטען זאלען איהם באדויערן, כ'ו פילענדיג זיך שולדיג אויף א האר! זינט ער האט זיך אריבערגעקליבען צו די פרוי'ס קרובים, האט ער זיך זעהר אנשטענדיג געפירט, ער האט ניט געטרונקען. עס איז אויך ניט געווען וואס צו טרינקען. ער האט געהאט א גרויסען ערפאלג אונטער דער צייט אין די טעאטערס, אבער אנשטאט צו מאכען זיין לאגע בעסער, האט דער ערפאלג ארויסגערופען א גרעסערן האס ביי דער פרוי.

דאס וואס ער האט אנגענומען דעם רייכען זיידענס איינלאדונג צו וואנען ביי איהם, איז קיין וואונדער ניט, ווייל געזעצליך איז ער דאך אויך געווען דער יורש פון א געוויסען טייל פון אלטענס גאנצען האב און גוטס. ערשט, אז מען איז אזוי בייז געווארען, האט מען איהם געזאגט, וואס עס קאסט איהם אויסצוהאלטען.

ווידער איז איהם געקומען דער געדאנק, אז עס איז ניט נאטירליך, אז אימיצער שפילט מיט איהם.

אויך דאס וואס די געלט פאר די רייזע האט זיך אהן א אורזאך אזוי לאנג פערצייגען, האט זיך איהם געדוכט, איז מעהר ניט דערפאר, כדי זיינע צרות צו פארלייגערן.

ווען ער האט זיך ארומגעזעהן, אז בריף האבען גענומען פעלען לויט'ן חשבון, האט ער פארדעכטיגט, אז די פרוי טוט

איהם עפּעס אָב; און ער האָט געהיט דעם בריפטרעגער, געשריבען אויפ'ן פּאָסט; אָבער ער האָט מעהר ווי שאַנד פאַר זיך ניט ארויסגעקראָגען.

ניט גלויבענדיג, איז ער אריינגעפאַלען אין א רעליגיעזען קריזיס. ער האָט געפילט, ווי ער זינקט אין די אומגעבונג, וואו מען איז נאָר געווען פּארטאַן מיט'ן עסען, וואו מענשען האָט מען בעהאַנדעלט ערגער ווי חיות. דערצו האָט א גרויסער רעגען אָנגעפילט א פּאָר צימערן מיט וואַסער; און אַזוי ווי מען האָט ניט געקאָנט אָפּציהען די וואַסער, האָט עס געשטונקען. פון גאָרטען איז גאָר ניט געוואָרען, ווייל ער האָט איהם ניט אָפּגעהיט.

און ער האָט זיך געריסען פון דאָרט אוועקגעהן ווייט, צו ליכט, צום פרידען, צו רוה, צו ליבע. ער האָט גע'חלומ'ט זיין אַלטען חלום וועגען קלויסטער וואָס וועט איהם פּארהיטען פון די שמוץ פון דער וועלט. וואו ער וועט קאָנען פארגעסען און וואו מען וועט אָן איהם פארגעסען. עס האָט איהם אָבער געפעלט דער גלויבען.

וועגען דער אידעע פון קלויסטער האָט מען זעהר פיל געשריבען אין די צייטונגען. מען האָט אויך גערעדט פון גרינדען אין בערלין א קלויסטער פאַר אינטעליגענטע לייט. ער האָט דאַן צו זיינעם א פריינד אין פּאַריז געשריבען און פּאָרטיג געמאַכט א פּלאַן מיט רעגעלן ווי מען זאָל זיך פירען און וואָס מען זאָל טאָן. דאָס איז געווען אין 1894. דער ציל איז געווען צו ערציהען איבערמענשען דורך שטרייננע אויפפירונג, דורך שטודירען וויסענשאַפט, קונסט, ליטעראַטור. רעליגיאָן האָט ער ניט דערמאָנט, ווייל מען האָט ניט געקאָנט באַשטימען: צי עס וועט דאָרט איבערהויפּט וועלכע רעליגיאָן זיין.

זיין פרוי האָט באַמערקט, ווי ער ווערט אַלץ ווייטער פון

פאריז, מיט זיינע פארגעניגענס, מיט די טעאטערס, קאפעס, און זי האט מורא געהאט און האט איהם מקנא געווען זיינע געדאנקען.

וואס אנבעלאנגט זיינע היסטארישע שריפטען, האט ער געקראגען פון א בערימטען דייטשען אויטאריטעט, אויך פון א פראנצויזישען. הסכמות, אז זיי זיינען זעהר גוט. ער האט זיין פרוי איבערגעלעזען די בריף, ווייל זי פלעגט פון איהם וועגען דער ארבייט לאכען. ווען זי האט איצט שוין ניט געקאנט מעהר פון זיינע אידעען לאכען, האט מען איהם געקוועלט מיט זיינע פאדערונגען.

ווען זיין פרוי איז געווען אויפגערעגט און בייז, פלעגט זי אוועקגעהן צום אלטען און פלעגט איהם דערצעהלען אלע קליינינקייטען און מיינונגען, וואס דער מאן פלעגט ארויסזאגען וועגען איהם. דאס האט דעם אלטען אויפגערעגט. זי פלעגט אפילו נאכהער זעהן צו פערגלעטען די זאך, אבער עס איז געווען צו שפעט. די אומצופרידענהייט איז געוועןֹ און דער שטורם האט זיך ניט געקאנט לאנג צוריקהאלטען.

וואלט ער געהאט געלט און געגעבען אויף אויפצוהאלטען די הויז, וואלטען זיי זיך ווידער אויפגערעגט: וואס פאר א גראבהייט! רייכע קרובים לאדען איין, און ער וויל גאר בעצאהלען! האט ער אבער ניט קיין געלט, האט מען איהם אלע ווייל געזאגט, ווי טייער עס איז; און מען האט איהם ארייגעשיקט דעם דאקטארס רעכנונג.

אפט האט ער געוואלט צו פוס אוועקגעהן אויפזוכען פריינד, אז זיי זאלען איהם אויסהעלפען אוועק פון דאנען; אבער ער פלעגט זיך אומקערען צוריק, אזוי ווי ער וואלט געווען פאר כשופ'ט פון אט דער קליינער הויז. ער האט דארט אויך זיסע טעג געהאט, און די ערינערונג אן זיי האט איהם פעסטגעהאל־

טען: אויך די דאנקבארקייט פאר דאס פארגאנגענע און די ליבע צום קינד, וואס ער האט געפילט, נאר בעהאלטען כדי ער זאל צוליב איהם ניט בלייבען אויף שטענדיג היינגען דא.

איין טאג האט ער געמאכט א לענגערן שפאציר איבער'ן וואלד. עס האט איהם דאס מאל אנגעהויבען די הארץ צו קלעמען אזוי ווי ער וואלט זיך אויף לאנג געזעגענט. ער האט געפילט, אז עפעס שטייט איהם פאר, פאר וואס ער האט מורא געהאט.

ווען ער איז געקומען אהיים, האט ער געפונען די שטוב ליידיג. די פרוי איז אוועק און דאס קינד איז אויך ניט געווען.

ווען ער האט די דינסט געפרעגט: וואו איז די פרוי, האט זי געענטפערט:

— זי איז אוועקגעפארען!

— וואוהין?

„אין אדענזעע“.

ער האט ניט געוואוסט: צי זאל ער עס גלויבען אדער ניט? עס איז געווען שא און שטיל. די לופט איז געווען גוט. די איינזאמקייט האט איהם בארוהיגט. ער האט זיך געזעצט צו דער ארבייט. זיינע זאכען זיינען געווען פארפאקט, נאר די געלט האט באדארפט יעדען טאג קומען.

דער צווייטער האלבער טאג איז אוועק. פון פענסטער האט ער בעמערקט אז אומגעוועהנליכע שטילקייט אין דער גרויסער הויז. קיינעם האט מען ניט געזעהן, נאר די דינסט איז ארומגעלאפען היז און צוריק, אזוי ווי זי וואלט אפגעגעבען באריכטען.

איינמאל האט זי געפרעגט, אויב ער וויל וואס: —

—איך וויל גאר ניט!

און דאס איז געווען דער אמת, ווארום זיין איינציגער ווונש ארויסצוגעהן פון דער לאגע,איז מקוים געווארען, און דאס איז געווען זיין הילף.

ער האט אליין געגעסען אין אבענט און האט זיך גוט גע־פילט. ער איז געבליבען זיצען ביים טיש און פארייכערט א סיגאר.

ער האט אבער אויף עפעס געוואַרט.

— אויב איך קען די פרויען — האט ער זיך געטראַכט — בין איך זיכער, דאס זיי וועלען ניט קאנען איינשלאפען איידער זיי וועלען זיך ניט דערוויסען וואס מיט זייער קרבן איז; צו ער ליידעט שטארק.

און גאַנץ ריכטיג. די שווינער איז געקומען.

„גוטען אבענט"! — האט זי איהם באגריסט — „דו זיצסט דא אליין"?

מיט דער קאלטקייט, מיט וועלכער אן אינדיאַנער זיצט ביים פייער, אויף וועלכען מען וועט איהם בראַטען, האט ער געענט־פערט:

— יא, איך זיץ דא אליין.

„און וואס דענקסטו צו טאן "?

— אפפאַרען, נאַטירליך.

„ווי עס זעהט אויס, נעמסטו אלעס זעהר רוהיג" ?

— פאר וואס ניט ?

„מאריע וויל זיך גט'ן."

— איך מיין אזוי !

„דאן האסטו איהר ניט ליב" !

— דו ווילסט, איך זאל איהר ליבען, כדי איך זאל שטארק ליידען ?

„קאנסטו דען ליידען"?

— דיר וואלט עס געפרייט, ווען איך וואלט געקאנט ליי־דען !

— ווען ווילסטו פאהרען ?

— ווען איך וועל קריגען די געלט.

„דאס האָבען מיר שוין לאנג געהערט".

— איהר וועט דאך מיר ניט די נאכט אויפ'ן גאס ארויס־ווארפען?

די שוויגער איז געווארען זעהר אויפגערעגט.

„מיט דיר קאָן מען ווייט ניט אוועקגעהן".

— ניין, און פאר וואס זאל איך עס ערלויבען?

„א גוטע נאכט!"

און זי איז אוועק.

ער איז געשלאפען גוט און שווער ווי נאך א פאסירונג, אויף וועלכע ער האט לאנג געווארט.

* * *

אויף מארגען אין דער פריה איז ער אויפגעשטאנען מיט א באשטימטער מיינונג, אז זי איז ניט אוועקגעפארען, נאר זי איז דא נאהענט וואו עס איז.

ווען ער איז ארויס, האט ער געזעהן ווי די דינסט מיט די קינדערשע זאכען איז אריין אין שיפעל.

אהא, האט ער פערשטאנען. זי איז אויפ'ן אנדערען זייט פון טייך!

דורכ'ן בינאקל האט ער באמערקט, אז די דינסט איז טאקע געפארען אהין.

— אויב א.. וועל זיך נאר האלטען רוהיג, זיינען די לייט פון גרויסען הויז באזיגט — האט ער זיך געטראכט.

די שוויגער איז געקומען, האט אויסגעזעהן אומרוהיג און מילד.

„אט ביסטו אליין, מיין קינד, און איהר וועסטו שוין מעהר ניט זעהן".

— איז זי דען אזוי ווייט אפגעפארען ?

— „יא“!

ער האט זיך פאנאנדערגעלאכט און א קוק געטאן איבער'ן וואסער.

„נו, ווי באלד אז דו ווייסט — האט געזאגט די אלטע — פאהר איהר נאך“!

— ניין, דאס וועל איך ניט טאן.

„זי וועט אבער די ערשטע ניט קומען“.

— די ערשטע, אדער די לעצטע, מיר איז אלץ איינס.

די שיפעל איז א גאנצען טאג ארומגעפארען מיט ידיעות אהין און צוריק.

נאכמיטאג איז די שוויגער ווידער געקומען:

„דו דארפסט מאכען דעם ערשטען טרים. מאריע איז אליין און זי וועט קראנק ווערען, אויב דו וועסט איהר ניט שרייבען און בעטען קומען צוריק.“

— פון וואנען ווייסטו, אז איך וויל איהר ווידער האבען ? א פרוי, וועלכע איז א נאכט ניט געווען אין דער־היים, האט פארלארען איהרע רעכט און האט פארשמוצט דעם מאנ'ס נאמען !

דאס איז געווען אומערווארטעט פאר דער שוויגער. זי איז גלייך אוועק, האט זיך אליין געזעצט אין שיפעל און געבליבען דארט זיצען ביז'ן אבענט.

ער איז געזעסען ביי זיך אין צימער און געשריבען, ווען זיין פרוי איז אריין מיט א מינע, ווי זי וואלט זיך דערבארעמט איבער זיין קומער און איז דעריבער געקומען צוריק.

ער האט מיט איהר זיך איצט געקאנט אפרעכענען. אבער ער האט עס ניט געטאן און געווען איידעל מיט איהר אלס מיט א בעזיגטער, ווייל זי איז געווען די בעזיגטע.

ער האט ערשט ווידער געהאט די ווייב מיט'ן קינד. ביי זיך האט ער געפונען, אז עס איז גוט, אזוי גוט ווי פריהער, ווען זיי זיינען ניט געווען און אפשר איז ערשט דאך אביסעל בע־סער.

אין אבענט איז געקומען די געלט. ער האט גלייך גענומען אן אנדער שטעלונג, דען ער האט געהאט דעם שליסעל פון גע־פעננגניש ביי זיך אין האנט.

און אין דעם אויגענבליק, האט די פרוי אויך דערזעהן די זאך פון אן אנדער זייט.

— „ווייסטו? דער זארט לעבען הרג'ט מיך אוועק. איך האב קיין בוך ניט געלעזען זינט דאס קינד איז דא: און שוין א יאהר, אז איך האב קיין ארטיקעל ניט אנגעשריבען. איך וועל דיך באגלייטען אין פאריז".

— לאז מיך פריהער אליין פארען און אויסגעפינען וואס דארט איז.

— „דאן וועל איך קיינמאל זיך ניט קאנען ארויסרייסען".

ער האט איהר איינגערעדט, אז זי זאל בלייבען, ניט הא־בענדיג אין זינען איהר צו פערלאזען. ער האט נאר געוואלט איז אנפאנג זיין פריי.

ביי איהר איז איצט רעכט געווען זאגאר דאס קינד, „די־הויפטפערזאן", ווי זי האט עס גערופען, צו פארלאזען, אבי ארויסצוגעהן אין דער וועלט און שפילען א ראלע. זי האט געוואוסט, אז ער געהט ערשט ניט זוכען פאלשע גליקען, נאר ער געהט שניידען פרוכטען פון זיין פערדינסטען און דערגרייכטען ערפאלג. מעגליך, אז זי האט געוואלט טיילען דעם כבוד; מעגליך, אז זי האט איהם מקנא געווען און איהם ניט פארגונען, ווייל זי האט זיך אויך געהאלטען פאר א גרויסע שרייבערין; איבערהויפט זינט איהר פריינדין האט איהר אין א בריף אנגע־

רופען, אז זי איז געניאל. דעם בריף האט זי געלאזען זיך וואל־
גערן, כדי יעדער זאל איהם לעזען.

צום גליק האט זי ערשט ניט געקאנט פארען, ווייל די אל־
טע האבען איהר ניט געלאזען. זי האט זיך געמוזט מיט דעם
צופרידענשטעלען, וואס ער, וועלכער האט זיך געקאנט האלטען
פאר'ן ארויסגעטריבענעם, האט איהר פערלאזען.

זי איז געווארען וייך, מילד און ווארם אזוי, אז דער זע־
גענען זיך איז געווען א גאנץ טרויעריגער.

* * *

אזוי איז ער ווידער ארויסגעפארען אין דער וועלט. פון
שיף האט ער נאכאמאל א קוק געטאן אויף דער קליינער הייזעל,
מיט איהר ליכטיגע פענסטער. דאס שלעכטע און בייזע וואס
ער האט דארט איבערגעלעבט איז פאר איהם פארשוואונדען
געווארען. ער האט זיך אפילו ניט געפרייט וואס ער איז ארויס
פון דעם געפענגניש, וואו ער האט אזוי פיל געליטען.

געפילען פון דאנקבארקייט און בייגקעניש האבען איהם
ארומגענומען, און עס איז געווען א מאמענט, ווען די שטריק
וואס האט איהם צוגעבונדען צו דער ווייב און קינד האט איהם
אזוי שטארק גערדיקט, אז ער האט געוואלט זיך אריינווארפען
אין וואסער. אבער ער האט זיך צוריקגעהאלטען, אויסגעגלייכט,
אנגעשונדט אלע כחות און עס צעריסען.

## I.

זיינע אויגען זיינען געווארען געעפענט. ער האט זיך ארומ־
געזעהן ווי פארדארבען די וועלט איז: עס האט איהם געפעלט
די קראפט ארייצודרינגען אין די פינסטערניש און צו ענט־
דעקען די אורזאך פון דער פארדארבענקייט; ער האט זיך דער־
פאר מיאש געווען איז אלץ, אז ענטווישטער מאן. דאן האט ער
זאך פארליבט אין א מיידעל, וואס האט חתונה געהאט מיט
אן אנדערן. ער האט זיך באקלאגט וועגען איהר אויפפירונג
פאר איהרע פריינד די מענער און אויך פרויען. זיי אבער האבען
נאר געלאכט פון איהם. א קורצע צייט נאך האט ער געטראטען
אויף זיין איינזאמען וועג איינער אליין, א שלעכט פארשטאנע־
נער. ער האט געהערט צו דער בעסערער געזעלשאפט און האט
אנטייל גענומען אין זייערע מחזקות, ווייל דאס האט איהם צע־
שטרייט; אבער טיף אין הארצען האט ער געהאט פאר די אלע
פארגעניגענס נאר פאראכטונג, וועלכע ער האט זאגאר ניט גע־
זוכט צו באהאלטען.

איין אבענט איז ער געווען אויף א באל. ער האט געטאנצט
מיט א יונגע פרוי פון אומגעוויינליכע שיינקייט און לעבעדי־
קייט. ווען דער ארקעסטער האט אויפגעהערט צו שפילען, איז
ער געבליבען שטעהען ביי איהר זייט. ער האט געוואוסט, אז ער

דארף צו איהר רייהדען: ער האט אבער ניט געוואוסט וואס צו ריידען. אין א ווייל ארום האט די מיידעל איבערגעריסען דאס שווייגען.

— „האט איהר שטארק האלט צו טאנצען, בעראן?“ — האט זי געזאגט מיט א קאלטען שמייכעל.

„איך? ניין! גאר, גארניט“!—האט ער געענטפערט—„און איהר“?

— „איך קאן זיך ניט פארשטעלען קיין נארישערע זאך“ — האט זי געענטפערט.

ער האט באגעגענט זיין מאן, ריכטיגער געזאגט זיין פרוי.

— „פאר וואסזשע טאנצט איהר“?

„צוליב דער אייגענער אורזאך וואס איהר“.

— „קאנט איהר לייענען מיינע געדאנקען?“

— „גאנץ לייכט. ווען צוויי מענשען דיינקען גלייך, ווייס דער אנדערער שטענדיג“.

— „איהר זייט א זאנדערבארע פרוי! גלויבט איהר אין ליבע“?

„ניין!“

„איך גלויב אויך ניט. איך און איהר וואלטען געדארפט חתונה האבען“.

„איך הייב אליין אויך אן אזוי צו טראכטען“.

„וואלט איהר חתונה געהאט מיט מיר?“

„ פאר וואס ניט? יעדענפאלס וואלטען מיר זיך ניט ארומקריגען“.

— „א שרעקליער געדאנק! אבער ווי אזוי קאנט איהר זיכער זיין?“

„ווייל מיר דענקעןביידע גלייך“.

— יא, אבער דאס קאן ווערען לאנגווייליג. מיר וועלען

ניט האָבען וועגען וואָס צו ריידען, ווייל איינער וועט שטענדיג וויסען, וואָס דער אנדערער זאָגט".

„אָבער צו וועט ניט זיין לאַנגווייליג, אויב מיר וועלען בלייבען ניט חתונה געהאַט און שלעכט פארשטאַנען?"

— „איהר האָט רעכט. וועט איהר וועגען דעם נאָכטראַכטען"?

„יא, ביז דעם קאָטיליאָן".

— „ניט וועניגער?"

„צו וואָס לענגער?"

ער האָט איהר אָפּגעפיהרט צוריק אין זאַל; דאָרט האָט ער אויסגעטרונקען עטליכע גלעזער שאַמפּאַניער און האָט איהר נאָכגעקוקט ביים טיש. זי האָט ערלויבט צוויי יונגע לייט פון דיפּלאָמאַטישען קאָרפּוס איהר צו באַדינען; אָבער זי האָט פון זיי חוזק געמאַכט די גאַנצע צייט און זיי באַהאַנדעלט אזוי ווי זיי וואָלטען געווען לאַקייען.

אזוי גיך ווי דער קאָטיליאָן האָט זיך אָנגעהויבען, איז ער צוגעגאַנגען צו איהר און איהר פאָרגעלייגט א בוקעט.

— „נעמט איהר מיך אָן"? האָט ער געפרעגט.

„יאָ!" האָט זי געענטפערט.

און זיי האָבען געשלאָסען תנאים.

וואָס פאַר א פּאַסענדע פּאָרל, האָט די וועלט געזאָגט. זיי זיינען געמאַכט איינער פאַר'ן צווייטען. זיי זיינען גלייך וואָס איז שייך געלט און לאַגע אין געזעלשאַפט. זיי האָבען דיזעלבע איבערגעזעטיגטע מיינונגען וועגען לעבען. דאָס האָט געמיינט, אז זיי האָבען ווייניג אינטערעס געהאַט פאַר טענץ, טעאַטערס, באַזאַרן און אנדערע איידעלע ספּאָרטס, אָהן וועלכע דאָס לעבען איז גאָר ניט ווערט.

זיי זיינען געווען ווי א גלייך אויסגעטאַקטע פּאָר טאַוולען.

פונקט איינער ווי דער אנדערער, איז אבער געווען א גרויסע פראַ־גע: צי וועט דאָס לעבען אויפשרייבען אויף זיי דיזעלבע גע־שיכטע. זיי האָבען קיין מאָל ניט געפרעגט איינער דעם אנ־דערן אין די צערטליכסטע מאָמענטען: האָסטו מיך ליב? זיי האָבען גאַנץ גוט געוואוסט אַז דאָס איז ניט מעגליך, ווייל זיי האָבען ניט געגלויבט אין ליבע. זיי האָבען ווייניג גערעדט, אבער זיי האָבען פאַלשטענדיג פאַרשטאַנען איינער דעם אנדערן.

און זיי האָבען חתונה געהאַט.

ער איז שטענדיג געווען אויפמערקזאַם, שטענדיג העפליך און זיי זיינען געווען גוטע פריינד.

ווען דאָס קינד איז געבאָרען געוואָרען, האָט עס געהאַט נאָר איין ווירקונג אויף זייערע באַציהונגען: זיי האָבען איצט געהאַט וועגען וואָס צו ריידען.

אבער ביסלאַכוויין האָט דער מאַן אנגעהויבען ארויסצו־ווייזען א געוויסע ענערגיע. ער האָט געהאַט א געפיל פון פליכט און דערצו האָט איהם דערעסען ארומגעהן ליידיג. ער האָט גע־האַט א פּריוואַט הכנסה, אבער ער האָט קיין שייכות ניט געהאַט צו פּאָליטיק אָדער צו דער רעגירונג. איצט האָט ער גענומען זיך ארומקוקען נאָך עפּעס א באַשעפטיגונג, וואָס זאָל פול מאַכען די פּוסטקייט פון זיין לעבען. ער האָט דערהערט דעם ערשטען מאָר־גען רוף פון ערוואַכענדען גייסט: און האָט דערפילט, אַז עס איז זיין פליכט צו טאָן זיין חלק אין דער גרויסער אונטערזו־בונגס־ארבייט וועגען די אורזאַכען פון מענשליכען עלענד. ער האָט פיל געלייענט, האָט געמאַכט א זאָרגזאַמען שטודיום פון פּאָליטיק און האָט זאָגאָר אנגעשריבען אַן ארטיקעל און אוועק־געשיקט אין א צייטונג. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז ער איז אויסגעקליבען געוואָרען אַלס א מיטגליעד פון ערציהונגס קאָמי־טעט. דאָס האָט געמאַכט נויטיג, אַז ער זאָל אין דער צו־

קונפט נאך מעהר דארפען לייענען, ווארום די אלע פראגען האבען גערארפט גרינדליך דורכגענומען ווערן.

די באראנעסע פלעגט ליגען אויף דער זאפע און לייענען שאטאבריאן און מיוסע. זי האט ניט געהאט קיין אמונה אין דער פארבעסערונג פון דער מענשהייט; און אט דאס צורודערן פון דעם שטויב און בלאטע, וואס די יאהרהונדערטע האבען ארויפגעלייגט אויף די מענשליכע אינסטיטוציעס, האט איהר שטארק געערגערט. דאן האט זי באמערקט אז זי קאן ניט נאכהאלטען דעם מאן. זיי זיינען געווען ווי צוויי פערד אין א געלאף. זיי זיינען געוואוינען געווארען, איידער דער געלאף האט זיך אנגעהויבען און האבען זיך ארויסגעוויזען פונקט פון דער זעלבער געוויכט: זיי האבען פערשפראכען צו לויפען זייט ביי זייט אין דער צייט פון גאנצען געלאף. אלצדינג איז געווען אויסגערעכנט אז זיי זאלען פארענדיגען די רייזע אין דער זעלבער צייט. אבער דער מאן האלט שוין דעם האלז פארויס. אויב זי וועט זיך אביסעל ניט אונטעריאגען, וועט זי בלייבען פון הינטען.

און דאס האט נאקע פאסירט. דעם צווייטען יאהר איז ער געמאכט געווארען פאר דעם קאנטראלער פון ביורזשעט.

ער איז געווין פארייזט אויף צוויי חדשים. זיין אוועקשטעהן האט פאר די באראנעסע קלאר געמאכט, אז זי ליבט איהם; דער פאקט איז איהר געבראכט געווארען דורך איהר שרעק איהם צו פארלירען.

ווען ער איז געקומען צוריק אהיים איז זי געווען די הארציגקייט אליין; אבער זיין גייסט איז געווען פול מיט די זאכען וואס ער האט געזעהן און געהערט אין אויסלאנד. ער האט פארשטאנען אז זיי זיינען געקומען ביי דעם פונקט, וואו זייערע וועגען צוגעהען זיך; אבער ער וואלט חושק געהאט עס אפצו־

ליגעז, עם צופאַרהיטעז, אויב מעגליך. ער האָט איהר געוויזעז אין גרויסע לעבענסבילדער, ווי אזוי די קאָלאָסאַלע, גיגאַנטישע מלוכה־מאַשין ארבייט: ער האָט געפּרובירט איהר ערקלערעז, ווי עס ארבייטעז די רעדער, די פאַרשידענע טראַנסמיסיאָנעז, די רעד־וואַלטאָרס, די פאַרהאַלטערס. די אומזיכערע פענדעלס און ניט האַלטבאַרע קלאַפּאַנעס.

אין אַנהויב איז זי געוועז פאַראינטערעסירט, אַבער אין אַ קורצע צייט ארום איז איהר אינטערעס פאַרשוואונדעז. זייענדיג בעוואוסט, אז זי איז גייסטיג אָפּגעשטאַנעז און ניט זעהר חשוב, האָט זי זיך אין גאַנצעז אָפּגעגעבעז צו איהר קינד, ווע־לענדיג דעם מאַן באווייזעז אַז זי האָט נאָך אַ ווערט אַלס אַ מוסטער פון א מוטער; אַבער איהר מאַן האָט ניט אָפּגעשאַצט דעם ווערט. ער האָט מיט איהר חתונה געהאט כדי צו האָבעז אַ חבר, און האָט אין איהר געפונעז אן אויסגעצייכענטע ניאַנקע פאַר זיין קינד. אַבער ווי האָט מען איצט געקאָנט עס העלפעז? ווער האָט געקאָנט פאַראויס זאָגעז אַזאַ זאַך?

דאָס הויז איז שטענדיג געוועז פול מיט מיטגלידער פון פּאַר־לאַמענט. ביים עסעז פלעגט מען ריידעז וועגעז פּאָליטיק. די בעלהבית'טע האָט נאַר געזעהן אז מען זאָל ניט האָבעז וואָס אויס־צוזעצעז געגעז איהר קאָכעז. דער בּאַראָן האָט קיין מאָל ניט פאַרפעלט צו האָבעז צווישעז זיינע געסט איינעם אָדער צוויי פריינד, וואָס וואָלטעז געקאָנט ריידעז מיט זיין ווייב וועגעז מו־זיק אָדער דראַמאַ; אַבער די בּאַראָנעסע האָט ניט געוואָלט ריי־דעז וועגעז קיין אַנדערע זאַך ניט, ווי נור וועגעז פראַגעז פון ארומגעהן און ערציהעז קינדער. נאָך דעסערט, ווי נאַר מען פלעגט אויסטרינקעז א כוס פאַר די געזונט פון דער בעל'הבית'טע, פלעגט מען זיך אָוועקלאָזעז אין רויכער־צימער וואו מען פלעגט פאָרט־זעצעז די פּאָליטישע דיסקוסיעס. די בּאַראָנעסע פלעגט פאַרלאָזעז

די געסט און אוועקגעהן אין קינדער־צימער מיט א געפיל פון ביטערקייט אין הארצען: זי האט איינגעזעהן, אז איהר מאן האט איהר ווייט אריבערגעיאגט: און אז זי קאן קיינמאל ניט האפען זיך צו פארגלייכען מיט איהם.

ער האט אין די אבענטען פיל געארבייט אין דער היים: אפט פלעגט ער זיין פארנומען ביי זיין שרייבטיש ביז די ערשטע מארגען שטונדען. ווען ער האט נאכהער באמערקט, און גאנץ אפט, אז זיין ווייב געהט ארום מיט פארוויינטע אויגען, האט ער געפילט אין הארצען א ווייטאג: אבער זיי האבען ניט געהאט וואס צו זאגען איינער דעם אנדערן.

ביי געוויסע געלעגענהייטען, אין יענע צייטען ווען די ארבייט פלעגט פארלירען דעם טעם, ווען ער פלעגט זיך ארומזעהן, אז זיין אינערליכער לעבען ווערט אלץ ארימער און ארימער, האט ער געפילט א פוסטקייט אין זיך און א בייענק־שאפט נאך ווארימקייט, נאך עפעס אינטימעס, עפעס אזוינס פון וואס ער האט גע'חלומ'ט לאנג צוריק, אין די ערשטע טעג פון זיין יוגענד. אבער יעדען געפיל פון דעם זארט פלעגט ער אונטער־דריקען ווי עפעס אומטרייעס צו זיין ווייב, ווארום ער האט גע־האט זעהר א הויכע מיינונג וועגען די פליכטען פון א מאן.

כדי צו ברייגגען אביסעל מעהר פארשידענהייט אין איהר טעגליכען לעבען, האט ער איינמאל פארגעשלאגען זי זאל איינ־לאדען איהרע א קוזינע, וועגען וועלכער זי האט אפט גע־רעדט, אבער וועמען ער האט נאך קיינמאל ניט געזעהן, זי זאל פארברייגגען ביי זיי דעם ווינטער.

דאס האט די באראנעסע שטענדיג שטארק פארלאנגט: אבער איצט, ווען עס איז געלעגען אין איהרע הענט דאס דורכ־צופירען, האט זי געענדערט איהר מיינונג. זי וויל, איצט ווייי־ניגסטענס, איהר ניט האבען. איהר מאן איז צוגעשטאנען, זי

זאָל ערקלערען פאַר וואָס, אָבער זי האָט קיינע ערקלערונגען ניט געקאָנט געבען. דאָס האָט אַרויסגערופען זיין נייגעריגקייט, און ענדליך האָט זיך מודה געווען, אַז זי האָט מורא פאַר איהר קו־זינע, האָט מורא אַז זי זאָל ניט געווינען זיין האַרץ, אַז ער זאָל זיך ניט פאַרליבען אין איהר.

— „זי מוז זיין אַ זאָנדערבאַרע מיידעל; און מיר מוזען באמת איהר דאַ האָבען".

די באַראָנעסע האָט געוויינט און מסכים געווען; אָבער דער באַראָן האָט געלאַכט און די קוזינע איז געקומען.

איין נאָכמיטאָג איז דער באַראָן געקומען אַהיים פאַרמאַ־טערט ווי געוויינליך: ער האָט אין גאַנצען פאַרגעסען אַן די קוזינע און זיין נייגעריגקייט וועגען איהר. זיי האָבען זיך גע־זעצט ביים מיטאָגעסען. דער באַראָן האָט געפרעגט די קוזינע, צו זי האָט האָלט טעאַטער, זי האָט געענטפערט אַז ניט. זי ציהט בעסער פאַר דיווירקליכקייט איידער אויסגעטראַכטע זאַכען. אין דער היים האָט זי געגרינדעט אַ שול פאַר די שוואַרצע שאַף און אַ געזעלשאַפט וואָס זאָל זאָרגען פאַר באַפרייטע אַרעסטאַנ־טען. איז אמת'ן ! דער באַראָן איז געווען שטאַרק פאַראינטע־רעסירט אין דער פאַרוואַלטונג פון די טורמעס. די קוזינע איז גע־ווען אימשטאַנד איהם צו געבען אַ רעכט ביסעל ידיעות און ביז צו ענדע פון מיטאָגעסען האָט מען נאָר גערעדט וועגען טורמעס. צוענד האָט די קוזינע פאַרשפּראָכען די גאַנצע פראַגע צו בע־האַנדלען אין אַ דאָקלאַד, וואָס דער באַראָן האָט געזאָלט פאַר־לייענען און וועלכען ער האָט געהאַלטען אין אויסאַרבייטען.

II.

דאָס וואָס די באַראָנעסע האָט פאַרויסגעזעהן, איז געשעהן. דער באַראָן האָט אָפּגעשלאָסען אַ גייסטיגע חתונה מיט דער קו־

זינע און די באראנעסע איז אפגעלייגט געווארען אז א זייט. אבער די קוזינע איז געווען אויך וואונדערבאר שיין, און ווען זי פלעגט זיך אנשפארען אויפ'ן באראן ביי זיין שרייבטיש און ער פלעגט פילען איהר ווייסען ארעם אויף זיין פלייצע און איהר ווארעמען אטעם אויף זיין באק, פלעגט ער ניט קאנען אונטערדריקען א געפיל פון העכסטער אנגענעמקייט. עס איז ניט נויטיג צו זאגען, אז ניט אלע מאל האבען זיי גערעדט וועגען טורמעס, זיי האבען אויך דיסקוטירט וועגען ליבע. זי האט געגלויבט אין די ליבע פון נשמות און האט אזוי קלאר ווי זי האט נאר געקאנט ארויסגעזאגט איהר מיינונג אז חתונה אהן ליבע איז פראסטיטוציע. דער באראן האט זיך ניט שטארק אינטערעסירט מיט דער ענטוויקלונג פון מאדערנע געדאנקען מכח ליבע און האט געפונען, אז איהרע מיינונגען וועגען דער זאך זיינען צו הארט, אבער נאך אלעמען איז זי, ווארשיינליך, גערעכט.

אבער די קוזינע האט באזעסען אויך אנדערע מעלות, וואס זיינען געווען ניט אפצושאצען פאר א גייסטיגען שדוך. זי האט צומביישפיל ניט פראטעסטירט געגען רויכערן; נאך מעהר, זי האט אליין זעהר האלט געהאט א פאפיראסל. עס איז דערפאר ניט געווען קיין אורזאך, פאר וואס זי זאל נאכ'ן עסען ניט מיטגעהן מיט די הערן און רויכער־צימער און ריידען וועגען פאליטיק, און דערצו איז זי געווען אזוי רייצענד.

געפייניגט פון קליינע שטעך פון געוויסען פלעגט דער באראן אפט פארשווינדען פון רויכער־צימער, זיך ארייננכאפען אין קינדער־צימער. א קושטאן ווייב און קינד און פרעגען ווי געהט עס? די באראנעסע איז געווען דאנקבאר; אבער זי איז ניט געווען גליקליך. נאך די קליינע רייזען פלעגט דער באראן זיך אומקערען צו זיינע פריינד אין בעסטער שטימונג; מען האט געקאנט

מיינען, אז ער האט טריי ערפילט זיינע הייליגסטע פליכטען, אז אנדער מאל פלעגט ער זיין אויפגעבראכט און פארדרו־סיג, פאר וואס זיין ווייב פלעגט ניט מיטהאלטען מיט זיינע פריינד אין רויכער־צימער ווי זיין ווייב; דער געדאנק איז געווען א לאסט, וואס איז שווער געלעגען אויף איהם.

די קוזינע איז אין פריליגג ניט אוועקגעפארען אהיים, נאר האט באגלייט די פאר אין א קוראָרט. דארט האט זי ארגאניזירט קליינע פארשטעלונגען פאר ארימע לייט, אין וועלכע זי און דער באראן האבען געשפילט אלס געליבטע, דאס האט געהאט דעם אומפערמיידליכען רעזולטאט. אז דער פייער האט אויסגעבראָ־כען אין פלאמען, אבער די פלאמען זיינען געווען נאר גייסטיגע פלאמען: געמיינזאמען אינטערעסען, גלייכע אנזיכטען, און, פיי־לייכט, גלייכע נייגונגען.

די באראָנעסע האט געהאט גענוג צייט צו באטראכטען איהר לאגע. עס איז געקומען דער טאג, ווען זי האט געזאגט איהר מאן אז אזוי ווי אלץ איז פארביי צווישען זיי, איז די איינציגע אנשטענדיגע זאך זיך פארנאנדערצוגעהן. אבער דאס איז געווען מעהר וויפיל ער האט ערווארט: ער איז געווען גליקליך; די קוזינע זאל בעסער אוועקפארען צוריק צו איהרע עלטערן, או ער וועט באווייזען דער ווייב דאס ער איז אן ערען־מאן.

די קוזינע איז אוועק. א קארעספאנדענץ צווישען איהר און דעם באראן האט זיך אנגעהייבען. ער האט געמאכט די באראנעסע צו לייענען יעדען בריף, ווי שטארק זי האט געהאסט עס צו טאן. אין א קורצע צייט ארום אבער האט ער נאכגעגעבען און האט געלייענט די בריף, ניט ווייזענדיג זיי צו דער ווייב.

ענדליך איז די קוזינע צוריקגעקומען. עס איז געקומען צו א קריזיס. דער באראן האט ענדעקט אז ער קאן ניט לעבען אהן איהר.

וואס האבען זיי געדארפט טאן ? זיך פאנאנדערגעהן ? דאס וואלט בעדייט טוידט. אנגעהן ווי איצט? דאס איז ניט מעגליך! אויפצולייזען די חתונה אויף וועלכע דער באראן האט אנגעהייבען צו קוקען ווי אויף א גרזעצליכע פראסטיטוציע און חתונה האבען מיט דער געליבטער? ווי שמערצליך דאס איז ניט געווען, איז עס פארט געווען דער איינציגער ערליכער וועג.

אבער דאס איז געווען געגען דעם פארלאנג פון דער קוזינע. זי האט ניט געוואלט, מען זאל זאגען אויף איהר, אז זי האט געגנב׳ט דעם מאן פון אן אנדער פרוי. און דאן דער סקאנדאל! דער סקאנדאל!

— „אבער עס איז געווען ניט ערליך ניט צו דערציילען דער ווייב אלץ; עס איז געווען ניט ערליך צו לאזען געהן די זאך ווי עס געהט איצט; קאנען קאן ער ניט זאגען מיט וואס די זאך קאן זיך ענדיגען“.

„וואס מיינט עס? מיט וואס קאן זיך דאס ענדיגען?“

— „קיינער קאן ניט פאראויסזאגען!“

„א! וואס פאר א חוצפה! וואס טראכט ער וועגען איהר“?

— „אז זי איז א פרוי“!

און ער איז געפאלען אויף די קניע און זיך געבעטען ביי איהר; ער האט געזאגט אז איהם ארט ניט, אויב די פערוואל־טונג פון די טורמעס און די שול פאר שווארצע־שאף וועלען געהן צום טייוועל; ער ווייס ניט וואס פאר אזארט פרוי זי איז; ער ווייס נאר אז ער ליבט איהר.

זי האט געענטפערט אז זי האט פאר איהם נאר פאראכ־טונג און זי איז באלד אפגעפארען נאך פאריז. ער איז איהר נאכגעלאפען. פון האמבורג האט ער געשריבען א בריף צו דער ווייב, אין וועלכען ער האט ערקלערט, אז זיי האבען געהאט א

טעות און אז עס וואלט געווען ניט ערליך עס ניט צו פאריב־טען. ער האט געבעטען זי זאל איהם געבען א גט.

אין א יאהר ארום נאך די פאסירונגען איז דער באראן און די קוזינע געווען פארהייראט זיי האבען געהאט א קינד. אבער דאס איז געווען א פאקט, וואס האט ניט געשטערט זייער גליק. פארקערט! וואס פאר א רייכקייט פון נייע אידעען איז געווארען געבארען אין זייער פרייוויליגען גלות! ווי שטארק זיינען געווען די ווינטען, וואס האבען דא געבלאזען!

ער האט איהר צוגעגעבען מוט צושרייבען א בוך איבער „יונגע פארברעכער“. די פרעסע האט עס צעריסען אויף שטיק־לאך. זי האט געברענט מיט כעס און געשווארען, אז זי וועט קיינמאל מעהר ניט שרייבען א צווייטען בוך. ער האט איהר גע־פרעגט: צי האט זי געשריבען, כדי מען זאל איהר לויבען? צי זי זוכט כבוד? — זי האט געענטפערט מיט א פראגע: פאר וואס שרייבט ער? — א קליינע קריגערייע האט זיך אנגעהייבען. ער האט געזאגט, אז עס איז ערפרישענדיג איהר צו הערען אויסדרי־קען, מיינונגען וואס זיינען ניט קיין אפקלאנג פון זיינע מיינונ־גען.—שטענדיג פון זיינע אייגענע? וואס האט ער געמיינט דער־מיט? צו דען האט זי א ל י י ן ג א ר  ק י י ן  א י י־ ג ע נ ע  מ י י נ ו נ ג ע ן  ניט? זי האט פון איצט אן זיך געמאכט פאר אן אויפגאבע ביי יעדער געלעגענהייט איהם צו באווייזען, אז זי איז פעהיג זיך צו בילדען איהרע אייגענע מיי־נונגען: און כדי צו פארמיידען יעדען טעות פון זיין זייט, האט זי שטארק געזארגט דאפיר, אז איהרע מיינונגען זאלען שטענדיג זיין אנדערש ווי זיינע. ער האט איהר געזאגט אז איהם ארט גאר ניט וואס פאר׳ע מיינונגען זי האט, אזוי לאנג ווי זי ליבט איהם. — ליבע? וואס איז דאס אזוינס? ער איז ניט בעסער ווי אנדערע מענער און דערצו האט ער איהר אפגענארט. ער האט ניט

געליבט איהר נשמה, נאר איהר גוף. — ניין, ער האטביידע געליבט, ער האט איהר געליבט, אלץ אין איהר! אז! ווי פאלש ער איז געוועז ! ניין, ער איז ניט געוועז פאלש, ער האט נאר זיך אליין אפגענארט, גלויבענדיג אז ער ליבט נאר איהר נשמה.

זיי זיינען געווארען פארמאטערט ארומשפאצירענדיג אהין און צוריק איבער'ן בולוואלרד און האבען זיך צוגעזעצט פאר א קאפע. זי האט פארויכערט א פאפיראס. א לאקיי האט איהר געבעטען, גאר ניט העפליך, ניט צו רויכערן. דער באראן האט געפאדערט פון לאקיי אן ערקלערונג, און דער לאקיי האט געזאגט אז דער קאפע איז פון ערשטען קלאס הייזער, און אז די בעליבתים ווילען ניט פארטרייבען קיין אנשטענדיגע קונדען, באדינענדיג ד י פ ר ו י ע ן. זיי האבען זיך אויפגעהייבען פון זייערע פלעצער, באצאלט און אוועק. דער באראן איז געווען שרעקליך בייז, די באראנעסע האט געהאט טרערען אין די אויגען.

„זיי האבען געהאט א בעוויין ווי גרוים עס איז די מאכט פון פאראורטיילען ! צו רויכערן איז א נארישע זאך וואס איז שייך א מאנסביל, אבער ביי א פרוי איז עס א פארברעכען! זאל דער וואס קאן פרובירען צעשטערען דעם פאראורטייל ! אדער ריכטיגער זאל עס פרובירען טאן דער וואס וואגט עס צוטאן ! דער באראן האט גאר קיין חשק ניט געהאט, אז זיין ווייב זאל זיין דער ערשטער קרבן, אויב אפילו ער וואלט געוואונען דערביי דעם דאפעלטען כבוד צו זיין דער ערשטער, וואס האט געבראכען דעם פאראורטייל, ווארום מעהר ווי א פאראורטייל איז עס ניט געווען. אין רוסלאנד רויכערן פרויען פון דער בעסטער געזעלשאפט ביים מיטאגעסען, צווישען איין געריכט און א צווייטען. זיטען בייטען זיך מיט די ערטער. דאך זיינען די קלייניגקייטען ניט געווען אהן וויכטיגקייט פאר א לעבען, וואס באשטעהט פון קלייניג-

קייטען. אויב א מאן און פרוי וואלטען האבען די זעלבע שלעכ־טע געוואנהייטען וואלט זייער צוזאמענלעבען זיין וויניגער אנ־געצויגען און פארמעל; זיי וואלטען גיכער באפריינדעט געווארען און וואלטען געלעבט בשלום. אויב זיי וואלטען האבען די זעלבע ערציהונג, וואלטען זיי האבען דיזעלבע אינטערעסען און זיך צו־קלעפען פעסטער איינער צום אנדערען פאר זייער גאנצען לע־בען".

דער באראן איז אנטשוויגען געווארען, אזוי ווי ער וואלט געזאגט עפעס א נארישקייט. זי האט אבער זיך ניט צוגעהערט צו זיינע רייד; איהרע געדאנקען זיינען געווען ווייט פון דאנעט.

„זי איז באליידיגט געווארען פון א לאקיי; מען האט איהר געזאגט, אז זי פאסט זיך ניט צו חברן מיט חשוב'ע מענשען. עס איז הינטער דעם געלעגען מעהר, ווי עס האט אויסגעוויזען פון אויבען אויף. מען האט איהר דערקענט. יא, זי איז זיכער אז עס איז ניט דאס ערשטע מאל וואס זי האט עס באמערקט".

„וואס האט זי באמערקט?"

„אז מען באהאנדעלט איהר און די רעסטאראנס מיט וויי־ניג אכטונג. דער עולם גלויבט ניט, ווי עס זעהט אויס, אז זיי זיינען פארהייראט; ווייל זיי זיינען געווען צערטליך און העפליך איינער צום אנדערן. זי האט עס שטיל געליטען א לאנגע צייט, אבער איצט איז געקומען א סוף צו איהרע קייטען. און דאך איז עס גאר ניט אין פערגלייך מיט דעם, וואס זיי ריידען ביי זיך אין די הייזער"!

— „אדרבה, וואס ריידען זיי? און פאר וואס האט זי איהם וועגען דעם קיינמאל פריהער ניט געזאגט?"

„א! שוידערליכע זאכען! די בריף וואס זי האט געקראגען, שוין ניט ריידענדיג וועגען די פאסקווילען".

— „נו און וואס איז מכח איהם? צו ווערט ער ניט באהאנ־

דעלט ווי ער וואָלט געווען אַ פאַרברעכער? און ער האָט דאָך קיין שום פאַרברעכען ניט באַגאַנגען! ער האָט געהאַנדעלט לויט אַלע געזעצליכע פאָדערונגען, ער האָט ניט געבראָכען דעם נדר, וואָס ער האָט אונטער דער חופּה געגעבען, ער האָט פאַרלאָזען דאָס לאַנד ערפילענדיג אַלע פאָדערונגען פון געזעץ: די קעניגליכע קאָנסיסטאָריע האָט מסכים געווען צו זיין בקשה פאַר אַ גט; די הייליגע רעליגיאָן האָט איהם באַפרייט פון די פאַרפליכטונגען פון דער ערשטער חתונה אויף אַ פּאַפּיר אונטערגעשריבען און פאַרזיגעלט; דערפאַר האָט ער זיי ניט געבראָכען! ווען אַ לאַנד ווערט עראָבערט, ווערט אַ גאַנץ פאָלק באַפרייט פון דער טריי־הייט צו דער שבועה צום קעניג; פאַר וואָס קוקט די געזעלשאַפט אַזוי קרום אויף די באַפרייאונג פון אַ פאַרשפּרעכען? צו האָט זי דען ניט איבערגעגעבען די קאָנסיסטאָריע דאָס רעכט פאַנאַנ־דערצולאָזען הייראַטס? ווי אַזוי וואָגט זי איבערצונעמען אויף זיך די ראָלע פון אַ ריכטער און פאַרדאַמען די אייגענע געזעצען? די געזעלשאַפט איז אין קריג מיט זיך אליין! ער איז באַהאַנ־דעלט געוואָרען ווי אַ פאַרברעכער! צו דען האָט דער סעקרעטאַר פון דער געזאַנדשאַפט, זיינער אַן אַלטער פריינד, ווען ער האָט איבערגעלאָזען זיינע און דער ווייבס וויזיטקאַרטען, ניט עס אָפען אַרויסגעזאָגט, אומקערענדיג צוריק נאָר איין קאַרטע? און צו דען האָט מען זיך ניט געמאַכט ניט באַמערקענדיג איהם ביי אַלע עפענטליכע טעטיגקייטען"?

„אַ! זי האָט געדאַרפט זיך נאָך רעכענען מיט ערגערע זאַכען! איינער פון איהרע פריינד אין פּאַריז האָט פאַרקלאַפּט די טיר פאַר איהר, און עטליכע אַנדערע האָבען איבערגעריסען מיט איהר אין גאַס".

נאָר ווער עס טראָגט אַ שוך וויים וואו עס קוועטשט! די שיך וואָס זיי האָבען איצט געטראָגען זיינען געווען אמת׳ע

שפּאַנישע שיף און זיי זיינען געשטאַנען אין קריג מיט דער געזעלשאַפט. די העברעע קלאַסען האָבען זיך אָפּגעשלאָסען גע־גען זיי. די העברעע קלאַסען! אַט די חברה אידיאָטען, וואָס לע־בען שטילערהייט ווי הינט, אָבער וואָס ווייזען אַרויס איינער דעם אַנדערען אַכטונג, אַזוי לאַנג ווי עס איז ניטאָ קיין עפּענט־ליכער סקאַנדאַל; דאָס מיינט, אַזוי לאַנג ווי איינער האָט ער־ליך ניט צוריקגעצויגען אַ אַפּמאַך און ניט געוואַרט ביז ער איז בטול געוואָרען איידער ער האָט זיך באַנוצט מיט זיין ניי־ערוואָר־בענער פרייהייט! און אַט די פאַרדאָרבענע העברעע קלאַסען זיי־נען דאָס געווען די ריכטער איבער די געזעלשאַפטליכע לאַגע און אַכטונג, לויט אַ וואָג וואו ערליכקייט איז געשטאַנען ווייט הינטער נול! עס איז די רעכטע צייט נאָכצופרופען אַט דעם פיינעם בנין און אויסצוגעפינען דעם צושטאַנד פון זיין פונ־דאַמענט".

קומענדיג אַהיים זיינען זיי געווען אין פריינדליכערע באַצי־הונגען ווי אין די פיל יאָהרען פריהער. די באַראָנעסע האָט פאַרבראַכט אין דער היים מיט איהר קינד און האָט באַלד ער־וואַרט אַ צווייטען קינד. אַט דער קאַמף געגען שטראָם איז געווען צו שווער פאַר איהר און דאָס האָט שוין אָנגעהייבען איהר צו דערעסען. אַליין האָט איהר דערעסען! צו שרייבען אין אַ שיין אויסגעפוצטען, גוט באַהייצטען צימער איבער דער טעמא פון אַרויסגעלאָזענע אַרעסטאַנטען, זיי אויסשטרעקענדיג, אויף אַ געצוג ווייטען מהלך, אַ האַנט, וואָס איז פעסט באַצויגען מיט אַ הענדשקע, איז געווען אַ זאַך צו וואָס די געזעלשאַפט האָט מסכים געווען; אָבער אויסצושטרעקען אַ האַנט פון פריינדשאַפט צו אַ פרוי, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ מאַן, וועלכער האָט געזעצליך גע'גט זיי פרוי, דאָס איז אַן אַנדער זאַך, פאַר וואָס זאָל עס זיין אַזוי? עס איז שווער געווען צו געפינען אַן ענטפער.

דער באראָן האָט געקעמפֿט אין רעכטען מיטען פֿון שלאַכט ער האָט באַזוכט דעם פּאַרלאַמענט, איז אַנוועזענד געווען אויף פֿאַרזאַמלונגען און איבעראַל האָט ער געהערט די ליידענשאַפֿט־ליכע קריטיק אויף דער געזעלשאַפֿט. ער האָט געלייענט צייטונ־גען און זשורנאַלען, האָט געהאַלטען אַ שאַרפֿע אויג אויף די לי־טעראַטור, האָט געשטודירט די פֿראַגע טיף. זיין ווייב איז פֿון זעלבען שיקזאַל געטראָפֿען געוואָרען, ווי די ערשטע: זי איז גע־בליבען הינטערשטעליג! עס איז געווען זאָנדערבאַר: עס האָט זיך אַרויסגעוויזען אַז זי איז ניט קאַפּאַבעל אויפֿצונעמען אַלע איינ־צעלהייטען פֿון דער אונטערזוכונג; אַזוי פֿיל פֿון די נייע טעאָריעס איז איהר ניט געפֿעלען געוואָרען, אָבער זי האָט געפֿילט, אַז זי איז גערעכט און קעמפֿט פֿאַר אַ גוטע זאַך. ער האָט געוואוסט, אַז ער קאָן אַלע מאָל רעכענען אויף איהר סימפּאַטיע, וואָס ווערט קיין מאָל ניט אָפּגעשוואַכט; אַז ער האָט אין דער היים אַ פֿריינד, וואָס וועט שטענדיג שטעהן ביי זיין זייט. זייער געמיינזאַמער שיקזאַל האָט זיי געטריבען אין די אָרעמס ווי דערשראָקענע פֿיי־גאַלאך ביי דעם אָנקומען פֿון אַ שטורם. איהר גאַנצע ווייבליכקייט אין איהר—ווי ווייניג עס איז דערפֿון פֿאַראַן אין היינטיגע צייי־טען, וואָס דאָס איז נאָך אַלעמען נאָר אַן ערינערונג אָן דער גרוי־סער מוטער, דער נאַטור־קראַפֿט, דער פֿרויס פֿאַרמעגען, האָט זיך ערוועקט אין איהר. עס איז געפֿאַלען אויף די קינדער, ווי דער ברען פֿון אַ פֿלאַם־פֿייער אין אויוועז; עס איז געפֿאַלע אויפ׳ן מאַן ווי אַ שטראַל פֿון זונשיין; עס האָט געבראַכט פֿריידען אין הויז. ער האָט זיך אָפֿט געוואונדערט: ווי קומט עס וואָס די אַלטע פֿריינד, מיט וועלכע ער איז געוואַנט געווען צו דיס־קוטירען וועגען אַלץ, פֿעלען איהם איצט גאָר ניט! ער האָט ענדעקט אַז זייגע געדאַנקען האָבען באַקומען קראַפֿט און מאַכט, זינט ער האָט אויפֿגעהערט זיי אַרויסצוזאָגען, ווי נאָר ער האָט

זיי אויפגענומען; עס האט זיך איהם גערדאכט, אז ער געווינט מעהר דורך די שטילע צושטימונג, דורך דאס פריינדליכע צושאקלען מיט'ן קאפ, דורך די זיכערע סימפאטיע. ער האט געפילט, אז זיין קראפט איז איצט גרעסער געווארען, אז זיינע מיינונגען האבען זיך וויינינער געפונען אונטער פרעמדע קאנטראלע; ער איז איצט געווען אן איינזאמער מאן און דאך איז ער געווען ווייניגער איינזאם ווי פריהער, ווארום איהם איז איצט ניט אויסגעקומען צו באגעגענען אויף יעדער טריט ווידערשפרוכען, וואס האבען אנגעפילט זיין הארץ מיט ספקות.

### III.

עס איז געווען ערב ווייגאכטען אין פאריז. א גרויסער ווייגאכטענבוים וואס איז אויסגעוואקסען אין דעם וואלד פון סט. זשערמין, איז געשטאנען אין זייער קליינער הייזעל. זיי זיינען אויסגעגאנגען נאך פרישטיק צו קויפען מתנות פאר די קינדער. דער בארא איז געווען שטארק פארטראכט, ווארום ער האט אקארשט פארעפענטליכט א בראשורע, אונטער'ן נאמען: „צו זיינען די העכערע קלאסען די גרזעלשאפט?“ זיי זיינען געזעסען ביים פרישטיק אין זייער רייכען עסצימער און די טירען צו דעם קינדער־צימער זיינען געווען אפען. זיי האבען זיך צוגעהערט, ווי די ניאנקע האט זיך געשפילט מיט די קינדער, און די בארא־נעסע האט געשמייכעלט מיט צופרידענהייט און גליק. זי איז געווארען זעהר ליבליך און איהר גליק איז געווען א רוהיגעס. איינס פון די קינדער האט פלוצלונג א געשריי געטאן און זי האט זיך אויפגעהויבען פון טישצוזעהן וואס איז געשעהן. אין זעלבען אויגענבליק איז דער דינער אריין אין עסצימער מיט דער מארגען־פאסט. דער בארא האט געעפענט צוויי פאקעטען מיט

דרוקזאכען. דער ערשטער איז געווען א „גרויסע, חשובע צייר־טונג." ער האָט עס געעפענט און זיין בליק איז געפאַלען אויף אַן אויפשריפט מיט גרויסע אותיות „א רבילותניק".

ער האָט אָנגעהייבען צו לייענען: „ווייַנאַכטען איז ווידער געקומען! דער יום טוב, וואָס איז טייער צו אַלע ריינע הערצער. דער יום טוב וואָס איז הייליג פאַר אַלע קריסטליכע נאַציאָנען, וואָס האָט געבראַכט דישליחות פון פריידען און גוטען ווילען פאַר אַלע מענשען, וואָס מאַכט, אַז אפילו די מערדער זאָל פאַר־באָרגען זיין מעסער און אפילו א גנב זאָל אַכטען דאָס הייליגע געזעץ פון אייגענטום. דער יום טוב, וואָס ניט נאָר ער שטאַמט פון גאַנץ אַלטע צייטען, נאָר וואָס איז אויך, ספּעציעל אין צפון־לענדער, אַרומגערינגעלט מיט דער הייליגקייט פון היסטאָרישע ערינערונגען א. אַז. וו. און דאַן ווי א שטינקענדיגער רח, וואָס הייבט זיך אויף פון א רינשטאָק, באַגעגענט אונז פּלוצלונג א פאַרשווין, וואָס שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר דעם צו צערייסען אויף שטיקלאַך די הייליגסטע באַנדען, וועלכער מייקעט אויס מיט רשעות אויף אַלע געאַכטעטע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט: רשעות וואָס איז דיקטירט פון קליינליכע נקמה"... ער האָט צו־זאַמענגעלייגט די צייטונג און עס אַריינגעשטופּט אין קעשענע פון זיין ראָק. דאַן האָט ער געעפענט דעם צווייטען פּאַקעט. ער האָט ענטהאַלטען צוויי קאַריקאַטורען פון איהם און זיין ווייב. עס איז געגאַנגען אויפ'ן זעלבען וועג ווי דער ערשטער: ער האָט זיך אָבער געמוזט צואיילען, וואָרום זיין ווייב האָט געהאַלטען אין זיך אומקערען צוריק אין עסצימער. ער האָט געענדיגט זיין פרישטיק, און איז אריין אין שלאָפצימער, זיך פאַרטיג צומאַכען אַרויסצוגעהן. זיי האָבען פאַרלאָזען די הויז צוזאַמען.

די זונליכט איז געפאַלען אויף די פּאַרפּראַרענע בוימער פון שאַמפּ־עליזיע און אין דעם האַרצען פון דער שטיינענער וויסטע־

ניש האט דער פלאם דע־לא קאנקארד אויסגעזעהן ווי אן אאזיס. ער האט געפיהלט איהר ארעם אין זיינעם; און דאך האט ער געהאט דעם געפיל ווי זי וואלט איהם אונטערשטיצען. זי האט גערעדט וועגען די מתנות, וואס זיי געהן קויפען פאר די קינ־דער און ער האט געפרובירט זיך אנשטרענגען צו נעמען אן אינטערס אין דער זאך — אבער מיט אמאל האט ער אונטער־בראכען איהר געשפרעך און איהר געפרעגט סתם אזוי:

— „ווייסטו דעם אונטערשייד צווישען נקמה און בא־שטראפונג“?

„ניין, איך האב קיין מאל וועגען דעם ניט געטראכט“.

— „איך וויים ניט, צי דאס מיינט ניט אט וואס: ווען א צייטונגסשרייבער אהן א נאמען נעהמט נקמה, הייסט עס בא־שטראפונג; אבער אויב א גוטבאקאנטער שרייבער, וואס איז ניט קיין דרוקער קעמפט אפען און טיילט אויס שטראף, דאן איז עס נקמה!... זאלען מיר צושטעהן צו די נייע נביאים“!

זי האט איהם געבעטען ניט צו פארדארבען דעם יום טוב מיט די רייד וועגען די צייטונגען.

— „דער יום טוב“ —האט ער געמורמעלט „אין וועלכען פרידען און גוטער ווילען...“

זיי זיינען דורכגעגאנגען דורך די געוועלבען פון דער רי־דע ריוואלי, האבען זיך פארקערט אין די בולווארען און געמאכט זייערע איינקויפען. זיי האבען געגעסען מיטאג אין גראנד־האָ־טעל, זי איז געווען אין געהויבענער שטימונג און געזוכט איהם אויך אויפצומונטערען. אבער ער איז געבליבען פארטראכט. פלוצלונג האט ער א פרעג געטאן:

— „ווי איז עס מעגליך אז איינעם זאל פלאגען דער גע־וויסען, ווען איינער האט געהאנדעלט ריכטיג“?

זי האט ניט געוואוסט.

—„איז דאָס דערפֿאַר, ווייל די העכערע קלאַסען האָבען אונז אזוי איינגעמושטירט, אז אונזער געוויסען פּלאָגט אונז, יעדעסמאָל, ווען מיר רעוואָלטירען געגען זיי? וואַרשיינליך איז עס אזוי. פאַר וואָס זאָל ער, וואָס איז באַליידיגט געוואָרען אויף אַן אומגערעכטען אופֿן ניט האָבען דאָס רעכט צו אַטאַקירען אומ־גערעכט? דערפֿאַר ווייל ער וואָס איז באַליידיגט געוואָרען וועט אַטאַקירען די העכערע קלאַסען און זיי האָבען פֿיינט צו ווערען אַטאַקירט. פאַר וואָס האָב איך ניט געקלאַפּט די העכערע קלאַ־סען אַמאָל, ווען איך בין געווען איינער פֿון זיי? דערפֿאַר, גע־וויס, ווייל איך האָב דאַמאָלט זיי ניט געקענט. מען מוז קוקען אויף אַ בילד פֿון ווייטען, כדי צו קאָנען געפֿינען דעם ריכטיגען געזיכטס פּונקט".

מען דאַרף ניט ריידען וועגען אַזעלכע זאַכען אין ווייַנאַכ־טען"...

„אין ווייַנאַכטען: אַט דעם יום טוב פֿון..."

זיי האָבען זיך אומגעקערט אַהיים. זיי האָבען אָנגעצונדען די ליכט אויף דעם בוים; עס האָט געבלישטשעט מיט פרידען און גליק: אָבער די טונקעלע צווייגען האָבען געשמעקט מיט דעם רח פֿון אַ לויה און האָבען אויסגעזעהן אַזוי פֿינסטער ווי דעם באַראָנס פּנים. די ניאַנע איז אַריין מיט די קליינע קינדער. זיין פּנים איז ליכטיגער געוואָרען, וואָרום ער האָט געטראַכט אַז ווען זיי וועלען אויסוואַקסען, וועלען זיי שניידען אין פריידען וואָס מיר האָבען געזייט מיט טרערען: זייער געוויסען וועט זיי־נאָך פּלאָגען, ווען זיי וועלען זינדיגען געגען די געזעצען פֿון דער נאַטור: זיי וועלען ניט דאַרפֿען ליידען פֿון קאַפּריזען, וואָס מען האָט איינגעזאַלצען אין אונז אין די שולען, אַריינגעשריען אין די קירכען, און וואָס זיינען אויסגעטראַכט געוואָרען פֿון די העכערע קלאַסען.

די באראנעסע האט זיך אוועקגעזעצט ביים קלאוויר, ווען די דינסטען און די דינערס זיינען אריין. זי האט געשפּילט מעלאנכאלישע אלטע טענץ, וואס זיינען אזוי טייער צו די הערצער פון די צפון פעלקער, בעת די באדינער האבען געטאנצט שווער מיט די קינדער.

נאכדעם זיינען מתנות אויסגעטיילט געווארען צווישען די קינדער און די באדינער האבען געקראגען זייערע פרעזענטען. און דאן האט מען געלייגט די קינדער שלאפען.

די באראנעסע איז אריין אין זאל און זיך אוועקגעזעצט אין גרויסען־שטול. דער באראן האט זיך אוועקגעזעצט אויף א ביינקעל לעבען איהרע פיס. ער האט אוועקגעלייגט זיין קאפ אויף איהרע קניע. זיין קאפ איז געווען אזוי שווער — אזוי שווער. זי האט שטילערהייט איהם א גלעט געטאן איבער'ן שטערן.

„וואס? ער וויינט גאר"?

— „יא!"

זי האט קיינמאל פריהער ניט געזעהן א מאן וויינענדיג. עס איז געווען שוידערליך עס צוזעהען. זיין קרעפטיגער קערפער האט זיך געטרייסעלט, אבער ער האט קיין קול ניט ארויסגעלאזען.

„פאר וואס וויינט ער"?

„ווייל ער איז אומגליקליך".

„אומגליקליך מיט איהר?"

— „ניין, ניין, ניט מיט איהר, גאר דאך אומגליקליך!"

—„יא!"

„צו קאן ער איהר ניט דערציילען וועגען דעם?"

—„ ניין, ער האט גאר געוואלט זיצען לעבען אהיר קניע, ווי ער פלעגט זיצען א לאנגע צייט צוריק לעבען זיין מוטער".

זי האט גערעדט מיט איהם, ווי ער וואלט געווען א קינד,

זי האט געקו ט זיינע אויגען או אפגעווישט זיין געזיכט מיט איהר טיכעל. זי האט זיך געבילט אזוי שטאלץ, אזוי שטארק. אין איהרע אויגען זיינען קיין טרערען ניט געווען. קוקענדיג אויף איהר, האט ער באקומען פרישען מוט.

„ווי שוואך ער איז געווען!"

אז ער זאל אזוי שווער אריבערטראגען די אטאקעס פון זיינע מאשינאווע שונאים! צו דען האבען זיינע שונאים באמת געגלויבט אין דעם וואס זיי האבען געזאגט?...

שרעקליכע געדאנקען! ווארשיינליך האבען זיי געגלויבט. מען געפינט אמאל שטיינער פעסט איינגעוואקסען צווישען דעמבעס, פארוואס זאלן מיינונגען אמאל אויך ניט אויסוואקסען אין מארך אויפ'ן זעלבען אופן? אבער גלויבט זי איהם, ווייס זי אז ער קעמפט פאר א גוטער זאך?"

— „יא זי גלויבט! אבער—ער דארף ניט זיין בייז, ווען זי וועט איהם שטעלען א פראגע — צי פילט ער ניט אז עס פעלט איהם א קינד, דאס ערשטע קינד?"

יא, געוויס, אבער דער קאן מען ניט העלפען, וויינינגסטענס, ניט דערוויילן! אבער ער און די אנדערע וואס ארבייטען פאר די צוקונפט וועלען מוזען געפינען א תרופה אויך דערצו. ער ווייס נאך ניט וואס פאר א פארמע יענע תרופה וועט אנעמען, אבער א שטארקערער מארך ווי זיינער און א סך צוזאמען וועלן געוויס פארענטפערן ווען עס איז אויך פראגע, וואס זעהט איצט אוים ניט צו האבען קיין תשובה.

„יא, זי האפט, אז עס וועט זיין אזוי".

„אבער זייער הייראט ? צו עס איז טאקע געווען א הייראט אין אמת'ן זינען פוןווארט, ווי באלד אז ער קאן איהר ניט זאגען וואס איהם מאטערט ? צו איז עס אויך ניט געווען...?"

— „ניין, עס איז געווען אן אמת'ע הייראט, ווארום זיי

האבען איינע די אנדערע געליבט. עס איז קיין ליבע ניט גע־
וועז צווישען איהם און זיין ערשטע ווייב, אבער ער און זי האבען
געליבט די אנדערע, קאן זי עס אפלייקנען?“

„זי קאן עס ניט, עס איז געוועזן איהר טייערע ליבע“.

אויב אזוי איז זייער הייראט געוועזן אן אמת׳ע פאר גאט
און פאר די נאטור.